ארן ווערגעליס

# לייענבוך



פאר שילער פון דער אַנפאנג־שול

כאבאראָווסקער ביכער־פארלאג
1989

באשטעטיקט פונעם אָפּטייל פון פֿאָלקס־בילדונג
פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט
אלס לערנבוך

דער לייענבוך ווערט געדרוקט לויטן באשלוס
פון דעם לערן־מעטאָדישן סאָוועט
פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

# די וועלט איז פאר דיר אָפן



לידער

•

דערצײלונגען

•

מײַסעלעך

•

רעדנסארטן

דורך שטורעמס געשײַנט האָט די פרײַהײַט מיט גלויבן,
ס'האָט לענין דער גרויסער דעם וועג אונדז באַהעלט:
די פעלקער צום קאמף פארן יוישער דערהויבן,
אף מי אונדז באַגײַסטערט, מיט גוורע באַזעלט.

# ווידער מײַ



## דער פרילינג איז געקומען

דער פרילינג האָט לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן. אין די לעצטע וואָכן איז געשטאַנען אַ לויטערער פּראַקטיקער וועטער. באַטאָג איז אויף דער זון צעגאַנגען דער שניי, אָבער באַנאַכט איז דערגאַנגען ביז זיבן גראַד. דערנאָך האָט פּלוצלינג אַ ווייכע געטאָן אַ וואַרעמער ווינט, ס׳זײַנען אָנגעלאָפן וואָלקנס, און דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט געגאָסן אַ שטורמישער און וואַרעמער רעגן. דערנאָך האָט זיך דער ווינט אײַנגעשטילט, און ס׳האָט זיך אָנגערוקט אַ געדיכטער גרויער נעפּל. אין נעפּל האָבן אַ פּלײץ געטאָן וואַסערן, עס האָבן געקראַכט אײַז־קריזעס, ס׳האָבן זיך גערירט מוטנע שטראָמען.

אָוונט־צו איז דער נעפּל צעגאַנגען, די וואָלקנס זײַנען זיך צעלאָפן, ווי שעפעלעך, ס׳האָט זיך אויסגעלײַטערט — עס איז געוואָרן עמעסער פרילינג. אויף מאָרגן האָט אַ העלע זון שנעל אויפגעגעסן דאָס דינינקע אײַז, און די גאַנצע וואַרעמע לופט האָט אויפגעציטערט פון די אויסדאַמפונגען פון דער ערד. ס׳האָט אָנגעהויבן גרינען דאָס אַלטע גראָז, ווי אויך די יונגע אויפשפּראָצנדיקע גרעזעלעך, עס האָבן אָנגעקוואָלן די קנאָספּן פון די קאַלינעס, און אויף די ווערבע־צווײַגלעך, באַשאָטענע מיט אַ גאָלד־קאָליר, האָבן זיך צעזשומעט בינען. אומזעבאַרע פייגל האָבן זיך צעזונגען איבערן סאַמעט פונעם גרינס און פון דער אופוואַכנדיקער ערד, און אין דער הייך זײַנען דורכגעפלויגן מיט אַ פרילינגדיקן גוידערן בושלען און גענדז. אויף די פּאַשע־פעלדער האָבן זיך צערעוועט די פי, ס׳האָבן זיך פלינקפיסיקע קינדער אַ יאָג געטאָן איבער די שטעגעלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין טרוקענען.

ס׳איז געקומען דער עמעסער פרילינג.

לעוו טאָלסטאָי

# אין א גוטער שאָ

א שיינער, א וואַרעמער פֿרילינג־טאָג. די גילדענע זון האָט באַם אופֿגיין צעריסן, צעטריבן די גרויע וואָלקנס אין דער לופֿט און מיט איר ליכטיק פּאָנעם אראָפּגעקוקט פֿונעם בלויען הימל מילד, פֿרײַנטלעך אף דער ערד. פֿריש־געלע בלומען שטעקן ארויס די קעפּלעך פֿון צווישן יונגע גרינע גראָזן. ווערבעס באַם טײַך כאַפּן זיך אָנטאָן זייער נײַ־גרינע זשופּיצע, שפּיגלענדיק זיך אין דעם וואַסער, ריין, קלאָר ווי זילבער. פֿון די ווײַטע, וואַרעמע לענדער, דאָרט אין דער פֿרעמד, קומען אויפֿעס טשאַטעסוויײַז צוריק אַהער אין זייער רו ארײַן. ווילדע גענדז פֿליִעסקען זיך ערגעץ צווישן וויספּעס דאָ אין טײַך. ווילדע קאַטשקעס דרייען זיך ארום דעם טשערעט, ארויס־ארײַן מיט א געהילך, א געסווישטש. שוועלבעלעך פֿלאַטערן, שוועבן אהין, אהער אין דער לופֿט, שטאַרק פֿאַרטראָגן אין דעם בויען, פֿאַריכטן נײַע און אַלטע נעסטן. באָרעכהאַבאָ: דאָס אַלטע באַקאַנטע פֿאָרפֿאָלק בושלען איז אויך לעמאַזל דאָ אין א גוטער שאָ. זי, די בושעליכע, שטייט אף איין פֿוס, דאָס קעפּל אין דער זײַט, באַטראַכט איר אַלטע נעסט אויבן אף א שפּיץ בוים, און ער אף די לאַנגע שטאָלצן שפּאַצירט זיך האָפּערדיק אף דעם זומפּ דאָרט, צוקוקנדיק זיך צו א קאַליוזשע, ווו ס׳שפּרינגען, קוואַקען זשאַבעס, און פּלוצלינג — פּיק־פּיק, א כאַפּ אין דעם רויטן ווײַטן פּיסק ארײַן... ס׳איז א לעבן, א פֿרייד, א פּליִעניש, א זשוזשעניש, א געזינגערײַ, א געצוויטשערײַ אומעטום...

מענדעלע מוכר־ספֿרים



# דער גרויסער גאַסט

עפֿנט טירן, קומט אין דרויסן,
רײַסט די פֿענצטער, ברעכט זיי אויס,
נעמט אַרײַן דעם גאַסט דעם גרויסן,
קומט אַנטקעגן אים אַרויס.

ס׳איז הײַנט יאָמטעוו אין די גערטנער,
אױף די גאַסן אומעטום;
ס׳איז הײַנט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר, ווי די צווײַגן טרעשטשען
און דער טײַך ווי שרײַט און ברומט.
הערט נאָר פֿײַפֿן, הערט נאָר סווישטשען, —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

פּערעץ מאַרקיש



# צו זון זיך ציט די גאָרע ווײַט

— מאמע,
פאַרוואָס רוישן הײַנט
אַזוי די טאַנען?
און פֿונוואַנען,
מאמע,
גייט ער, אָט דער רויש?

— מײַן קינד,
דער פֿרילינג
גייט,
דער שניי
צעגייט,
דער פֿרילינג־ווינט,
ער וויגט
די טאַנען.

— פאַרוואָס זשע רוישט
דאָס וואַסער
אַזוי הילכיק,
מאמע,
אַזש טראָפּנס
שפּריצן
אין דער לופֿט?

— דאָס האָט,
מײַן קינד,
אַ שטיין געפּרוווט
דעם וועג פֿאַרצאַמען
פֿאַר דעם קוואַל.

— פאַרוואָס זשע
שרײַען אַזוי גענדז,
און ס'קוואַקען הינער,
און דאָס גרינע טײַכעלע
אין בלויער הייך
געוואָרן גרינער?

מײַן קינד,
ווען שניי באַפרײַט
די ערד
און וואַרעם
ס'ווערט, —
לעבט אויף די ערד
און ס'ציט זיך אויס
צו זון
די גאַרע וועלט.

דווירע כאַראַל



# שמעקט מיט האָניק

קו־קו? — פרעגט זיך די קוקאווע. —
ס׳גרינט שוין? ס׳בליט שוין?
און דאָס שפּערל ענטפערט זשוואווע:
צוויטשי, צוויטשי...

טרילי־טרילי, — פון באַגינען
טרעלט דער זשאַוואָראָנאָק,
און אים ענטפערן די בינען:
ס׳שמעקט שוין האָניק...

ס׳טרײַבט די טשערעדע דער פּאַסטעך. —
טרו־טרו, — מעלדעט ער, —
ס׳לאַדט דער פרילינג אײַן צוגאַסט אײַך
אין די וועלדער...

מענדל ליפשיץ





— דערציילט וועגן א פרילינגדיקן פרימאָרגן אין אײַער שטאָט.

# צוויטשי, צוויטשי

צוויטשי, צוויטשי, צוויטשערײַ —
פרילינג קומט שוין אפדאָסנײַ!
פייגל גרויסע,
פייגל קליינע,
אלע פריילעכע און שיינע,
קומען מיט א צוויטשערײַ
מיטן פרילינג אפדאָסנײַ.
פונוואנען קומט איר, כעוורעלײַט?
צוויטשי, צוויטשי, פון דער ווײַט —
פון די פעלדער,
פון די וועלדער,
פון די ווארעמע דאָרעם־לענדער.
צוויטשי, צוויטשי, פון דער ווײַט
צו אײַך, קינדער, כעוורעלײַט!

י.־ל. פערעץ





— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# ווידער מײַ

ווידער איז דער מײַ געקומען
מיט זײַן צויבער, מיט זײַן פראכט.
אלע גראָזן, אלע בלומען
האָבן ווידער אופגעוואכט.

ווידער בליט עס אף די פעלדער.
ווידער גרינט עס אין די וועלדער.
ווידער גלאנצט עס אומעטום —
יעדעס בלעטל. יעדע בלום.

ווידער נעמט דער פרילינג מאָלן
מיט זײַן פענדזל, ווו ער שמירט,
ווערן בערג און ווערן טאָלן,
ווערט די ערד מיט גרינס באצירט.

מ אָ ר י ס   ר אָ ז ע נ פ ע ל ד



— ווער מאָלט מיט א פענדזל?
— פארוואָס פארגלײַכט דער דיכטער דעם פרילינג מיט א מענטש, וועלכער האלט א פענדזל אין דער האנט?

# וויאזוי האָב איך פארבראכט דעם זומער

ד

אלע טאָג, ווי נאָר אָפּגעגעסן, איז גלײַך אוועק צו די כאווײרים.
דער הימל איז לויטער, די זון באַקט. מע וועט קאָנען גיין צום טײַך באָדן זיך און כאפּן פישלעך. פאר פרייד הייבט מען אָן טאנצן, בלעקען, מו־קען, ווי די קעלבלעך, מאכן מעשוגענע האווײַעס: איינער פארקרימט דאָס פּאָנעם, ווי א מאלפּע, און מיאוקעט, ווי א קאץ, דער אנדערער ענטפערט אים האוו־האוו, ווי א הינטל, און דער דריטער קראקעט, ווי א קאטשקע: קרא־קרא־קרא! דער פערטער דרייט זיך אף איין פוס, ווי א ראָד, און זינגט בעשאסמײַסע א לידל:

איינס, צוויי, דרײַ,
יאָדער־לידער לײַ,
אָקן־באָקן
מיט די גלאָקן...

און דער פינפטער גיט זיך אליין דרײַ פּעטש איןביידע באקן, גלאט אזוי, אָן ווערטער, און לאָזט זיך לויפן אין דער וועלט ארײַן. און נאָך אים לאָזן זיך לויפן אלע איבעריקע ווײַסע־כעווערניקעס.
געקומען צום טײַך, אויסגעבאָדן זיך, ארויס פון טײַך, אויסגעקאַ־טשעט זיך אין בלאָטע, ווי די כאזיירים, און ווידעראמאָל זיך אָפּגעבאָדן. לאנג געבאָדן זיך, געוואָרן בלוי, ווי מילצן, אָנגעהויבן ציטערן, ציטערן און קלאפּן מיט די ציין. ארויס פון טײַך, אויסגעצויגן זיך אפן אָנגעגליטן זאמד, און מיר ליגן שוין און ווארעמען זיך קעגן דער ברענענדיקער זון, קעגן דעם הויכן בלויען הימל.
נאָר צוויי פון אונדזערע כעווערע, כאיִם דער גרויסער און כאיִם דער קליינער, זײַנען נאָך אין וואסער. זיי האָבן קונציק צונויפגעבונדן צוויי העמדלעך איניינעם פאר די ארבל, געמאכט א נעץ, און זיי כאפּן פישלעך. פישלעך אין טײַך זײַנען פאראן, נאָר צו כאיִם דעם גרויסן און צו כאיִם דעם קליינעם אין דער נעץ ארײַן ווילן זיי ניט גיין. זיי האָבן קיין כיישעק ניט.
— טיפער, כאיִם, טיפער! בייג זיך, כאיִם, בייג זיך! צום ברעג, כאיִם, צום ברעג, נאָר פּאַוואָלינקע די פישלעך!

אזוי קאָמאַנדעוועט כאַים דער גרויסער מיט כאַים דעם קליינעם. און ביידע פישכאַפּער גייען אַנגעבויגן ביזן האַלדז אין וואַסער, שלעפּן פאַר־וואַלינקע די נעץ אַרויס צום ברעג, קוקן, קוקן אין העמד אַרײַן — ניטאָ קיין פישלעך!

— לאָזט אונדז, מיך, מאָטלען, מיר וועלן גיכער כאַפּן. — אַזוי זאָגט מאָטל דער רויטער און שפּרינגט אַרײַן מיט מאָטל דעם שוואַרצן אין וואַסער אַרײַן. און די נײַע צוויי פישכאַפּער אַרבעטן נישט שלעכט. גייען געשמאַק, טריט בײַ טריט, רעכט אַנגעבויגן. קימאַט מע פויזעט אַפן אָפּגרונט פונעם טײַך.

**2**

און אין דרויסן איז שטיל און רויִק. מע הערט ניט קיין פּיפּס. אַפילע די זשאַבעס, וואָס האָבן זיך ביז אַהער געלאָזט הערן מיט זייער „קעררר־קעררר" און מיט זייער „בול־בול־בול" זײַנען אַנשלאָפן געוואָרן.

פּלוצלינג הערט זיך אַ קאָל:

— געכאַפּט, געכאַפּט!

דאָס קאָל איז געווען מיט אַזאַ סימכע, אַז עס האָט אונדז אַ הייב געטאָן פון אָרט.

אַלע טוען מיר זיך אַ וואָרף און אַ לאָז אַראָפּ צום ברעג, צו די נײַע פישכאַפּער, קוקן אַרײַן אין דער נעץ אַרײַן און דערזעען: עס וואָרפט זיך אַן אָרבל פון דעם העמד.

— פיש! פיש! עמעסע פיש! — זינגען מיר אַלע און טאַנצן אונטער. און אַזוי ווי מיר זינגען און טאַנצן, — אַז עס שפּרינגט ניט אַרויס פון דער נעץ גלײַך אַף אונדז אַ גרויסע זשאַבע מיט צוויי נאַרישע וואַסערדיקע אויגן! און מיר לאָזן זיך אַלע לויפן הענדום־פּענדום מיט אַ געשריי, מיט אַ קוויטשערײַ.

— גוואַלד, ראַטעוועט, ראַטעוועט!!!!

די שרעק, געוויינלעך, לאָזט זיך אויס מיט אַ געלעכטער. כעוורע ווערן נאָך פריילעכער. מע וואַלגערט זיך אין זאַמד, מע קאַטשעט זיך אין בלאָטע, מע פּליוסקעט זיך אין טײַך. ס'איז גוט־גוט אָן אַן עק, אָן אַ ברעג.

שאָלעם־אַלייכעם

# דאָס קאָרן בליט

ס׳האָט היינט פון פעלד א פרישער ווינט
אף הייסע גאסן זיך פארקליבן,
און ניט געוווּסט ווו אײַן, ווו אויס
און שטיל געבליבן...



פון טונקלען הויז בין איך ארויס
דעם ווינט אנטקעגן אָנגעקומען —
און ס׳האָט דער ווינט מיך שטיל און לינד
ארומגענומען...



איך האָב צעקושט זיך מיטן ווינט
און אָן א וואָרט געוואָר געוואָרן,
וואָס טוט אף פעלדער זיך אצינד —
דאָרט בליט שוין קאָרן!

דאָוויד האָפשטײן



— װעלכע קערן־קולטורן ווייסט איר, אכוץ קאָרן?

# שימקעס געוויין

קומט אהיים דער קליינער שימקע
מיט א ביטערן געוויין:
— מאמע, מאמע, קום אין דרויסן,
לאָמיר צו צום טײַכל גיין!

זײַנען פערד דאָרט אָנגעלאָפן,
ווייסטו וואָס זיי ווילן טאָן?
אַך, זיי טרינקען אויס דאָס וואסער
און זיי עסן אויף די זון.

און די נאכט האָט אויסגעשפּרייט זיך
אף דער דרעמלענדיקער ערד,
האָבן העכער נאָך געהירזשעט
בא דעם טײַך די שווארצע פערד...

קומט צו לויפן שימקע ווידער
מיט א כליפּעניש אהיים:
— מאמע, לאָמיר, מאמע, גיכער
לאָמיר צו צום טײַכל גיין!



מ׳האָט די זון שוין אופגעגעסן,
ס׳איז א פינצטערניש א שרעק,
און די פערד מיט פיסקעס גרויסע
הירזשען ווידער שוין באם ברעג.

— וויין נישט, שימקע, — זאָגט די מאמע, —
זינט עס ווייסט די וועלט פון שײַן,
שלינגען פערד די קלאָרע שטערן
און זיי שלינגען זיי נישט אײַן.

ס׳איז די זון, א זון ווי שטענדיק,
שטערן שײַנען אף דער ערד,
און א טײַכל איז א טײַכל,
און א פערד פארבלײַבט א פערד.

איציק פעפער





— וויאזוי פארשטייט איר דעם אויסדרוק „שלינגען פערד די קלאָרע שטערן״?
— פארוואס האט שימקע זיך איבערגעשראָקן?

# דער וואלד

א וואלד. ביימער־סאָסנעס געוויקסיקע ציִען זיך, ווי א סטרונע גלײַך, הויך אין הימל אַרײַן, אונטן גלאַט־נאקעט און אף די קעפּ גרינע היטלען־קאפּעליושן א יאם, צווישן וועלכע עס ברעכן זיך דורך שטראלן ליכטיקע פון דער זון און באלייגן דאָס ריינע סאמעטענע גראָז זיי בא די פיס מיט העלע גינגאָלדענע פּאסן. פאר דעם וואלד שטייען קליינע געדיכטע וועלד־לעך, פון נידעריקע יונג־פרישע זאפטיקע ביימלעך קאָל־האמינים, צעוואָרפן דאָ, דאָרט, אף א היפּשן, פרײַען, מיט גרעזעלעך און שמעקנדיקע קרײַטעכ־צער באוואקסענעם פלאץ.

פארנאכט־צו ציִען זיך פון אים, פונעם פלאץ, אוועק פעלדער טוווּע העט־לאנג ניט צו פארנעמען מיטן אויג. און אים בא דער זײַט לאָזט זיך די גאנצע געגנט אלץ נידעריקער־נידעריקער אראָפּ אין א טאָל, ווו עס שפּרודלט, ריזלט א ריין־קלאָר וואסערל, לעבעדיק שפּילנדיק ווי א קינד. דאָס באהאלטנדיק זיך ערגעץ צווישן געדיכט פארצווײַגטע ווערבעס דאָרט, דאָס א ווײַז געבנדיק זיך ווידער, לויפנדיק־שפּרינגענדיק בארג־אראָפּ פון



שטיינדלעך אף שטיינדלעך, האלטנדיק אין איין מאכן בול־בול־בול! אמאָל קומט אָן עפּעס א פויגל, שטעלט זיך אף א צווײַגל, טוט באלד טאקע א בוק מיטן קעפּל, א טרייסל מיטן ווידעלע, א מאך מיט די פליגעלעך און — זײַ געזונט. אוועק, אוועק... אָדער אף יענער זײַט טאָל אנטקעגן לאָזט זיך אמאָל אראָפּ א בושל, טוט זיך א שטעל אף די לאנגע, רויטע פיס, אויסשטרעקנ־דיק אין דער הייך דעם לאנגן זילבער־ווײַסן האלדז מיט דעם רויטן פּיסק, שטייט אזוי א ווײַלע, קיין ריר זיך ניט צו טאָן. פּלוצלינג קליפּ־קלאפּ, קלאפּ־קליפּ מיטן שנאָבל און — מארש, מארש איבער דעם זומפּ. צײַטנווײַז פאר־טראכט זיך א ווידערקאָל, ערגעץ אין דעם וואלד, א געקלאפּערײַ פון פור־לעך אף דעם וועג דאָרט.

מענדעלע מויכער־ספאָרים



— דערציילט וועגן א זומער־טאָג אינעם וואלד.

# גערעטעניש

אין גאָלדענע רעקעלעך,
אף דינינקע שטענגעלעך
הוידען זיך זאנגעלעך —
מיט פולינקע בעקעלעך.

שושקען זיך ברעקעלעך
מיט גרינינקע ווינטעלעך,
גאנצע געזינדעלעך
גאָלדענע גלעקעלעך.

זינגען געזאנגעלעך
גאָלדענע וועלעכלעך,
גאָלדענע קעלעכלעך,
גאָלדענע זאנגעלעך.

א גאָלדענע רעטעניש!
שפּילט מען אף הערנדלעך,
זינגען זיך קערנדלעך,
שטיל — א גערעטעניש...

פּערעץ מארקיש



— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# טשיריק־טשיריק

עס איז געווען אַן אומרויִקער זומער. מאסן שוואלבן־נעסטן זײַנען פאַר־פלייצט געוואָרן פון שלאקסרעגן. נעסטן האָבן זיך געבראָכן. זיי זײַנען אראָפּגעפאלן, און דאָס יונגווארג איז צעשמעטערט געוואָרן.

גאַנץ אָפּט איז דער זיסער שוואלבן־שלאָף באַנאַכט איבערגעריסן געוואָרן. עס האָבן זיך יעגער באַוויזן. ס'האָט געקנאַלט... און אין שטילן פרימאָרגן האָבן זיך אָף צווײַגן באַוויזן בלוטיקע פלעקן. פעדערלעך האָבן געפלאַטערט.

נאָר אָט איז ענדע זומער!

דער טשיריק־טשיריק הערט זיך טרויעריק. דאָס הייסט אָף אונדזער לאָשן: עס ווערט וואָס א ווײַלע קילער. קילער ווערן די טעג, לענגער די אומרויִקע נעכט. און דער הימל ווערט וואָס א מאָל מער גרוילעך ווי בלוי־לעך: און די זון איז קיין עכטע זון ניט. מער שפּיגל ווי זון...

און עס ווערט א דערשראָקן גערופערײַ: טשיריק־טשיריק! טשיריק־טשיריק!

די בלעטער קריגן גאָלדענע רעמלעך, נאָר זיי ווערן שוואכער; זיי קאָ־נען שוין די לײַכטסטע שוואלב אָף זיך נישט האלטן. און דינע צווײַגעלעך דארן און ברעכן זיך.

און עס טראָגט זיך דאָס גערופערײַ פון צווײַג צו צווײַג, פון בוים צו בוים, פון איין עק וואלד צום צווייטן. מע דארף זיך אַן אייצע האלטן...

עס ווערט א גערויש פון הונדערטער און טויזנטער ציטער־פליגעלעך; פון צווײַגן און ביימער הייבט זיך דאָס גערויש... און די פארזאמלונג פון שוואלבן שווימט שוין אין דער הייך. מע זעט זיי שוין ניט, נאָר טויזנטער געלע פלעקן שווימען אונטערן גרויען הימל. און פון דער הייך זעט זיך א ווײַטע, ווײַטע וועלט.

און נאָך א ווײַלע לאָזט זיך אראָפּ די מאכנע, מיט א פריילעך גערופע־רײַ: טשיריק־טשיריק.

יִצחק־לייבוש פּערעץ



— פארוואָס זײַנען די פייגל געוואָרן אומרויִק?
— מאָלט אָן מיט קאָלירטע בלײַערס א הארבסטיקן וואלד.

# אין סאָד

אויסגעצוואָגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאָדן,
שטייעןביימער אַלערליי
מיט די פּיירעס אָנגעלאָדן.

שווערע עפּל, רויטע עפּל
בייגן צו דער ערד די צווײַגן,
און די בארן — זעט נאָר בארן —
הענגען שטיל זיך דאָרט און שווײַגן.

שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס,
קוקן גנייוויש, ווי מיט אויגן...
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך באַצויגן.

כאַים נאַכמען ביאַליק



— מיט וועלכע ווערטער באַשרײַבט דער דיכטער יעדן פון די פּרוכטן?

# האַרבסט

ווען אונטער דער סטריכע
פון פּאַפּעליאַטע שטרוי
מיט פאַרהויבענע העמדלעך
הענגט פּאַפּעשוי

און ס'וואַרעמט זיך ווישניק
אין פענצטער א פלאַש,
און ס'רייכערט אף גערטנער
פון היטשקע דאָס אש, —

דאַן שמעקט אונדזער קעלער
מיט געזייערטער קרויט,
דער בוידעם — מיט עפּל,
די מאַמע — מיט ברויט.

שיקע דריז



— וועלכע אוי׳בסטן און פרוכטן פאַרגרייט מען אף ווינטער?
— פאַרוואָס זאָגט דער דיכטער, אַז עס שמעקט די מאַמע מיט ברויט?

# ערשטער שניי

אינדערפרי געוועןְ א ווינט,
האָט געראַמט און געקערט —
איז געוואָרן הארט די ערד...

ס׳האָט געדרייט א גאנצן טאָג,
ס׳האָבן וואָלקנס זיך געשפּרייט
און די זון אהיים באגלייט...

אין צו נאכט געוואָרן שטיל,
ס׳האָט די וועלט דערהערט א נײַס,
גאָר א שטילס און גאָר א ווײַס.

ס׳גייט זיך שטיל דער ערשטער שניי,
זוכט א וועג און שיט און שיט.
דאָ און דאָרט און אינדערמיט,

שלאָף זשע, שלאָף זשע, שלאָף, מײַן קינד!
ס׳איז אף מאָרגן שוין באשטעלט
גאָר א נײַע קלאָרע וועלט...

דאָוויד האָפּשטיין





— ווען קומט צו אײַך דער ווינטער?
— רופט אָן די ווינטערדיקע כאַדאַשים פונעם יאָר.

# מיט קינדער

אף דער גאס,
אף דער גאס,
אף דער גאס איז הײַנט א גאסט.
ניט קיין וואָלף
און ניט קיין בער,
קינדער,
ווילט איר וויסן — ווער?

זײַן פוטער איז פון שנייעלעך,
זײַן באָרד איז אויך פון שנייעלעך.
פון שנייעלעך,
פון שמייכעלעך
איז אלץ, אלץ, אלץ.

איז לוסטיקער
און פריילעכער,
יינגעלעך און מיידעלעך,
טאנצט, טאנצט!

ער קומט צו אונדז — א גוטער,
אין א ווײַסן פוטער,
מיט א גראָבן שטעקן,
מיט א צויבער־זעקל.
מיר רופן אים
(איר ווייסט פארוואָס):
זיידע־פראָסט.
רויטע נאָז.

ווּלאדימיר דאנקאָ



— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# קערט זיך אום באַצײַטנס אהיים

אַנבּרעגיק, ווי דער יאם, איז די שנייִקע ברייט פון די פעלדער. מיליאַ־נען שניי־פלאַטערלעך שפּילן אַף דער זון מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן, ווי שיין עס איז דער בריליאַנטענער אינדערפרי! ווי שאַרף און געזונט די קאַלטע לופט!

פליט, שנייעלעך, פליט! בלאָז, ווינטעלע, בלאָז! זאָל די ערד באַדעקט זײַן מיט אַ ווײַסן, ווייכן טעפּיך!

אונטער דעם וואַרעמען שנייִקן פעלץ וועלן ניט פאַרפרוירן ווערן די פאַרזייטע קערנער. פרילינגצײַט וועט דאָס וואַסער פון דעם צעגייענדיקן שניי זיי אַנטרינקען — און סע וועט זײַן אַ רײַך גערעטעניש. איצט שלאָפן די קערנער. עס שלאָפן די קנאָספּן אַף די ביימער. עס שלאָפן אונטערן אײַז די פיש. עס שלאָפט אין דער נאָרע דער בער.

גייסט אַרײַן אין וואַלד און זעסט: דאָ שטריכעלעך, דאָ גריבעלעך, דאָ פּאַסיקלעך — דאָס זײַנען צייכנס פון כּײַישע פּיסלעך אַפן שניי! לערן זיך אויס דערקענען די צייכנס, און דעמלט וועט דיר אַלץ קלאָר ווערן, אַלץ, וואָס עס קומט איצט פאָר אין וואַלד. וועסט זיך דערוויסן, וווּ עס האָט גע־געסן מאַלצײַט די וועווערקע, וווּהין ס׳האָט זיך געלאָזט אַף זײַנע „נאַרטעס" דער האָז.

וואָס הייסט אַף די „נאַרטעס"? — ווונדערסטו זיך. הער זיך אײַן: ווינ־טערצײַט וואַקסט אָן אַף דער לאַפּע בא דעם האָז אַזאַ געדיכטע פעל, אַז די לאַפּע ווערט ברייטער, גרעסער איידער זומער, און דער האָז לויפט ווי אַף נאַרטעס, ניט אײַנצוזינקען אינעם שניי.

אינטערעסאַנט איז אינעם וואַלד ווינטערצײַט. נאָר געדענקט זיך אום־קערן באַצײַטנס אהיים. ווינטער פאַלט פרי צו די נאַכט. דאָס איז די צײַט פון די קירצסטע טעג און לענגסטע נעכט.

בּיניאָמין גוטיאַנסקי



— וואָס פאַר אַ נוץ ברענגט דער שניי די פעלדער?
— צי זײַט איר אַמאָל געווען אין אַ וואַלד ווינטער? דערציילט, וויאַזוי זעט ער דעמלט אויס? וועלכע פייגל און כּײַעלעך האָט איר אין ווינטערדיקן וואַלד געזען?

# אפן גליטש

גליטשן, גליטשן, גליטשן ווידער,
ווארעם ווערט אין אלע גלידער,
פלאם אין בעקלעך, קראפט אין הענט,
אין די אויערן פײַער ברענט.

פראָסט האָט ליב צו זײַן אין דרויסן,
פראָסט האָט ליב א גליטש א גרויסן —
פראָסט האָט ליב, אז מ׳איז נישט מיד,
זינגט לעקאָווער אים א ליד:

גליטשן, גליטשן, גליטשן ווידער,
ווארעם ווערט אין אלע גלידער,
פלאם אין בעקלעך, קראפט אין הענט,
אין די אויערן פײַער ברענט.

לייב קוויטקאָ



— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# בלימעלעך, קרענצעלעך

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז אונדז איצטער באַם פריילעכן פײַער אין הויז!
ביזקל דער נאפט אין דעם שטילינקן לעמפל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברויגעזלעך שעפּטשענען: שפּעט,
צײַט שוין צו ליגן אין ווייכן, אין אָרעמען בעט —
ווער איך באַם וואָיען און בלאָזן פון ווינט
מײַסעלער, לידעלעך זינגען, דערציילן, מײַן קינד!

מאני לייב



— פונוואַנען איז צו זען, אז דאָס, וואָס דער דיכטער באַשרײַבט, איז געווען ניט אין די איצטיקע צײַטן, נאָר גאָר אַמאָל?
— זעצט איבער אף רוסיש די ווערטער: בלימעלעך, קרענצעלעך, מײַסעלעך, לידעלעך.



# מײַן הײמלאַנד —
# דער סאָװעטנפֿאַרבאַנד

## דער שענסטער נאָמען

העכער פֿון בערג
און העלער
פֿון לויטערע שטראָמען —
דער טײַערער נאָמען.

בא װעמען סע װאַכט דאָס האַרץ
און אױגן ברענען, —
דער װײסט פֿון דעם נאָמען,
דער װײסט אים, דער קען אים,
דער װײסט,
אַז דער נאָמען דער שענסטער איז —
לענין!

לײב קװיטקאָ



— לערנט אױס די ליד אױסװײניק.

# באָם מאַווזאָליי

אויף דעם רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע שטייט אַ מאַווזאָליי פֿון פּאָלירטן רויטן שטיין. דער רויטער שטיין איז, ווי מיט אַ טרויער־באַנד, אַרומגעגאַרטלט מיט שוואַרצן פּאָלירטן גראַניט. דער מאַווזאָליי איז געבויט פֿון מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן פֿון אַלע עקן לאַנד. אונטן אין מאַווזאָליי, אין אַ גלעזערנעם אָרון, ליגט איליטש. דאָס פּאָנעם איז רויִק. דער קערפּער — געקליידט אין אַ קיטעל פֿון דעם בירגערקריג־פּעריאָד, מיט אַן אָרדען פֿון דער רויטער אַרבעטס־פֿאָן אויפֿן לאַץ. די הענט פֿאַרלייגט אויף דער ברוסט. לענין רוט. די גרויסע אַרבעט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, טוען ווײַטער זײַנע שילער און נאָכפֿאָלגער.

טויזנטער מענטשן גייען יעדן טאָג פֿאַרבײַ לענינס קערפּער. עס איז איצט זעלטן צו געפֿינען אַ שטאָט, אָדער אַ יִישעוו אין לאַנד, וווּ ס'זאָל ניט זײַן ווייניקסטנס איינער, וואָס האָט ניט געזען לענינען, — אויב ניט בײַ דער אַרבעט, איז אין זײַן לעצטער רו.

אַלעמען, ווער עס גייט פֿאַרבײַ זײַן קערפּער, דרינגט דורך אַ געפֿיל פֿון שטאָלץ, וואָס מיר האָבן געלעבט אין איין עפּאָכע מיט אים. אַ געפֿיל פֿון טרויער, וואָס ער האָט אונדז אַזוי גיך און פֿאַר דער צײַט פֿאַרלאָזט, — ער האָט דאָך געקאָנט לאַנג־לאַנג נאָך לעבן און טאָן און פֿרייען זיך מיט דעם אויפֿטו פֿון זײַנע הענט און פֿון זײַן פּאַרטיי...

מוישע קאַץ



— פֿאַרוואָס האָבן מיר ליב לענינען?
— אויב איר זײַט געווען אַמאָל בײַ לענינס מאַווזאָליי, דערציילט, וואָס פֿאַר אַ געפֿילן עס האָט בײַ אײַך אַרויסגערופֿן.

# דער הערב פון מײַן היימלאנד

איך רים אים, פון היימלאנד פון מײַנעם דעם הערב,
באַקרוינט מיטן האַמער, באַקרוינט מיטן סערפּ.
מיט פּאַנען מיט פּופּצן באַצירט ער מײַן לאַנד —
דעם בונד פון די פעלקער פון גרויסן פאַרבאַנד.



די שטראַלן פֿון אונדזער סאָוועטישן הערב
באַלײַכטן, באַשײַנען די גאַנצענע ערד.
דער הערב פֿון מײַן לאַנד, ווי די שענסטע מאַטאַנע,
שײַנט ווי אַ צירונג אַף אונדזער לעוואָנע.
דער הערב, אַ שאַליִעך פֿון קאָסמישער ערע,
העלט אַף פּלאַנעטעס פֿון מאַרס און ווענערע.

וועלוול ווערניק



— מאַלט אָן דעם סאָוועטישן הערב.
— פֿאַרוואָס זײַנען אָנגעמאָלט אַפֿן סאָוועטישן הערב אַ סערפּ
און אַ האַמער?

# א דערציילונג וועגן דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע

## 1

ווען מיר זײַנען ארויס אין דער קאלטער נאכט, האָט דער גאנצער פאסאד פון סמאָלני[1] פאַרגעשטעלט מיט זיך איין ריזיקן גאַראַזש פון צו־פאַרנדיקע און אָפּפאַרנדיקע אווטאָמאָבילן. דורך זייער גערויש האָט מען פונדעסטוועגן געקאָנט הערן באַזונדערע לאַנגזאַמע קלעפּ פון האַרמאַטן.

א גרויסער פראכט־אווטאָמאָביל איז געשטאנען דאָ דערבײַ, ציטערנדיק פון דער ארבעט פון זײַן מאָטאָר. מענטשן האָבן געוואָרפן עפּעס פּעקלעך, און אנדערע מענטשן, אפן אווטאָמאָביל, האָבן זיי אופגעכאפּט, האלטנדיק אונטער דער זײַט די ביקסן.

— וווּהין? — האָב איך אויסגעשריגן.

— אין שטאָט, — האָט איינער אַ ארבעטער געענטפערט.

מיר האָבן באַוויזן די צײַגענישן.

— קומט מיט אונדז, — האָבן מיר דערהערט, — נאָר מע דארף זיך ריכטן אף א שיסערײַ.

מיר זײַנען ארופגעקראָכן אפן אווטאָמאָביל.

דאָס הענטל פון א טאָרמאָז איז מיט א שנײַדיקן גערויש איבערגערוקט געוואָרן, און דער שווערער אווטאָ האָט זיך א צי געטאָן אף פאָרויס. מיר זײַנען אלע א פאל געטאָן אף יענע, וואָס האָבן ארופגעקלעטערט נאָך אונדז.

פאַרבײַ דעם שײַטער באַם ערשטן טויער און פאַרבײַ דעם שײַטער באַם דרויסנדיקן טויער האָבן מיר מיט א מוירעדיקער גיכקײַט זיך א טראָג געטאָן איבערן סוואָראָווער פראָספּעקט, ס׳האָט אונדז געשלײַדערט און געשאָקלט פון זײַט אף זײַט.

איינער פון די, וואָס אפן אווטאָ, האָט אראָפּגעריסן דעם אײַנפּאַק פון א פּעקל און גענומען וואַרפן הויפנס צײַטונגען אינדערלופטן. מיר האָבן אים נאָכגעטאָן, און אזוי האָבן מיר זיך געיאָגט איבער די פינצטערע גאסן, און א לאנגער עק פון ווײַסע פּאַפּירלעך איז אונדז נאָכגעפלויגן.

פאַרשפּעטיקטע דורכגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אופגעהויבן די צײַטונגען. פּאַטרולן לעם די שײַטערס אף די ראָגן זײַנען געלאָפן מיט אויס־געשטרעקטע הענט, קעדיי זיי אונטערכאפּן.

[1] אין סמאָלני איז געווען דער הויפּט־שטאַב פון די באָלשעוויקעס.

עטלעכע מאָל זײַנען באוואָפנטע מענטשן אונדז פאַרלאָפן דעם וועג מיט קוילעס:

„שטײ!״ — און אופגעהויבן די ביקסן. אונדזער שאָפער האָט זײ עפּעס אזעלעכס אויסגעשריגן, און מיר זײַנען געפלויגן ווײַטער.

איך האָב אופגעהויבן א צײַטונג, און בא דער צאפלדיקער שײַן פון די גאס־לאמטערנס איבערגעלייענט:

„צו די בירגער פון רוסלאנד!

די צײַטווײַליקע רעגירונג איז אראָפּגעוואָרפן. די מעלוכע־מאכט איז אריבער אין די הענט פונעם אָרגאַן פון דעם פּעטראָגראדער ראט פון אר־בעטערישע און סאָלדאטישע דעפּוטאטן — צום „רעוואָליוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט״, וועלכער שטייט אין שפּיץ פונעם פּעטראָגראדער פּראָלעטא־ריאט און גארניזאָן.

זאָל לעבן די רעוואָליוציע פון ארבעטער, סאָלדאטן און פּויערים!״



**פארטאָג האָבן די פּיקעטן פון קערענסקיס קאזאקן אופגעהויבן א שיי־סערײַ. איבער די וויסטע פעלדער האָט אין דער קאלטער רויִקער לופט זיך צעקנאלט דער דונער פון א שלאכט. דעם דונער האָבן דערהערט די סאָל־דאטן, מאטראָסן, ארבעטער, וועלכע האָבן זיך געזאמלט ארום קליינע שײַ־טערס און געווארט. הייסט עס, ס'האָט זיך אָנגעהויבן. און די אלע ווארטנ־דיקע האָבן זיך א לאָז געטאָן צום שלאכטפעלד. די מאכנעס ארבעטער אף די שליאכן האָבן פארגיכערט זייערע טריט.**

**אזוי זײַנען אין אלע פונקטן, וואָס זײַנען אטאקירט געוואָרן מיצאד די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן, אליין פון זיך געגאנגען האמוינים פארביטערטע מענטשן. קאָמיסארן האָבן זיי באגעגנט און טייקעף געשטעלט אף פּאָזיציעס. דאָס איז געווען זייער שלאכט, פאר זייער וועלט. זיי אליין האָבן זיך אויס־געקליבן קאָמאנדירן. אין א רעגע ארום איז דער צעשאָטענער, ניט־אָרגא־ניזירטער ווילן פארוואנדלט געוואָרן אין איין איינהײַטלעכן ווילן.**

**די מאטראָסן האָבן זיך געשלאָגן ביז דעם לעצטן פּאטראָן, און נאָכדעם זײַנען זיי געגאנגען אין אטאקע קימאט מיט הוילע הענט. ארבעטער, ניט געלערנטע צו פירן א שלאכט, האָבן זיך געוואָרפן אף די אָנפאלנדיקע קאַ־זאקן און זיי געשלעפּט פון די פערד. די ארמיי פונעם פּראָלעטאריאט האָט זיך מיטאמאָל א רוק געטאָן פאָרויס און זיך ארײַנגעקײַקלט אין צארסקאָיע סעלאָ. די קאָמיסארן האָבן דורכן טעלעגראף צעשיקט איבער דער גאנצער וועלט א הימן פון ניצאָכן.**

**דזשאָן ריד**



— פארוואָס האָבן אף דער גאס לעבן סמאָלני געברענט שײַ־טערס?

— וואָס איז אזוינס געווען די „צײַטווײַליקע רעגירונג"? וויאזוי זעצט מען עס איבער אף רוסיש?

— ווער זײַנען דאָס געווען — „קערענסקיס קאזאקן"?

— דערקלערט די ווערטער: „קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן", „קאָ־מיסארן".

— וואָס איז דאָס פאר א שטאָט — „צארסקאָיע סעלאָ"? וויאזוי רופט מען זי איצט?

# אין אופשטאנד

אין קאלטער ווינטער־נאכט, בא שײַן פון בליצנדיקע שטערן,
אף ווײַטע גענגטן צעפלאקערן זיך סרייפעס.
אין וועלדלעך טונקעלע,
אין האלבע שוצגראָבנס,
בא טונק׳לער זײַט פון ברענענדיקע דערפער
זיך שלענגלען שורעס מוירדים[1]
מיט ביקס אין האנט, מיט ווארעם בלוט אין הארצן.

פון הײַזער אָרעמע, פון שטיקנדע ווארשטאטן,
פון לאנגע וואָגלנעכט, פון הונגעריקע טעג
געקומען זײַט איר, ברידער מײַנע פילע,
צו ווײַזן
די פרײַז פון שטילער מי,
דעם וויי פון אײַער לײַב,
דעם אויסגעשריי פון דוירעס און פון צײַטן.

איך הער: ס׳ברומט אוף דער קייטנקלאנג פון דוירעס קנעכט,
מיט אָרעמען געביין צעשאָטענע אף לעבנסמידע וועגן,
ס׳זידט אוף דאָס בלוט פון מענגעס מײַנע ברידער,
מיט האנט צו האנט און קאָפּ צו קאָפּ געשאָכטענע
אף שלאכטפעלדער פון קײַלעכדיקער ערד.

אשער שווארצמאן

[1] מוירדים — אופשטענדלער.





— גיט איבער מיט אײַערע ווערטער דעם אינהאלט פון אָט דער ליד.

# דער היטער

איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער,
ס׳ווייסן שוין וויאָרסטן מײַן טראָט און מײַן ליד,
בא טירן צעקלאפּטע, בא פענצטער צעזועצטע —
שטיי איך און היט.
דאָ דארף איך שטיין,
ווו מ׳האָט מיך געשטעלט.
דאָ דארף איך היטן
מײַן שטאָט און מײַן פעלד.
דאָ איז מײַן לאנד, און מײַן לאנד איז מיר טײַער,
אף זוניקע כורוועס מיט יאטישע טריט, —
מעג האָגלען מיט שטיינער, מעג ווירכרען מיט פײַער, —
שטיי איך און היט.

איציק פעפער





— וואָס באטײַטן די ווערטער „ס׳ווייסן שוין וויאָרסטן מײַן טראָט און מײַן ליד״?
— ווער איז דער היטער און וואָס היט ער?
— דערקלערט די ווערטער: „אף זוניקע כורוועס מיט יאמישע טריט״, „מעג האָגלען מיט שטיינער, מעג ווירכרען מיט פײַער״.

# דניעפּערבוי

איבער אלע ברעגן אין א טאָג א העלן
וועט מען סטויפּעס לאנגע אומעטום צעשטעלן.

איבער אלע פּוסטע אומרויִקע לענגען
וועט מען דראָטן דינע אומעטום צעהענגען.

און אהין, ווו כּאַטקעס אומעטיקע זינקען,
וועט דער טײַך צעשיקן טויזנטער פונקען.

און די גרעסטע קויכעס איבער די פאבריקן
וועט דער אלטער דניעפּער אומעטום צעשיקן.

איבער אלע דערפער, שטעטעלעך און סקווערן,
וועט דער טײַך צעשיקן טויזנטער שטערן.

ווען יענע שטערן זייער ליכט צעגיסן
איבער ווינקלען גרויע מיט צעשײַנטע גריסן.

און אהין, ווו כּאַטקעס אומעטיקע זינקען,
וועט דער טײַך צעשיקן טויזנטער פונקען.

איציק פעפער







— ווען האָט מען געבויט די עלעקטראָסטאנציע אפן טײַך דניעפּער?
— רופט אָן נאָך עטלעכע עלעקטראָסטאנציעס, וועלכע מע האָט אויסגעבויט אף גרויסע טײַכן?

# דער פּיאָנער וואַניע

(דער דרײַ מאָל העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד איוואַן קאָזשעדוב
דערציילט וועגן זײַנע קינדער־יאָרן)

## 1

בא אונדז אין שול איז געשאַפֿן געוואָרן א פּיאָנערן־אָטריאַד. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אפֿן שול־הויף. די לערערן נינע וואַסיליעוונע האָט אונדז דערציילט, ווער עס זײַנען די פּיאָנערן, אַז זיי דאַרפֿן זײַן א בײַשפּיל פֿאַר אַנדערע קינדער. איך האָב זיך צוגעהערט, און עפּעס א יאָמטעוודיק געפֿיל האָט מיך באַהערשט. נאָך מער האָב איך זיך דערפֿילט יאָמטעוודיק, ווען דער פּיאָנער־וואָזשאַטע האָט מיר אָנגעטאָן אפֿן האַלדז דעם רויטן האַלדזטוך.

מיטן פּיאָנער־האַלדזטוך האָב איך זיך ניט געשיידט. פֿאַרן שלאָף האָב איך אים גוט צונויפֿגעלייגט און באַהאַלטן אונטער דער קישן. די ערשטע צײַט האָב איך אַפֿילע באַנאַכט קאָנטראָלירט, צי דער האַלדזטוך איז פֿאַראַן אפֿן אָרט.

אין פּיאָנערן־אָטריאַד איז שטענדיק געווען אינטערעסאַנט. באַזונדערס האָבן מיר ליב געהאַט צו פֿאָרן אין סאָווכאָז, וועלכער האָט זיך געפֿונען פֿופֿצן קילאָמעטער ווײַט. מיר פֿלעגן אַהין פֿאָרן צוזאַמען מיט נינע וואַסי־ליעוונען. דאָרט האָבן מיר געיעט די צוקער־בורעקעס, געקליבן זאַנגען, גע־האָלפֿן אַראָפּנעמען די טוועס. מיר האָבן אויך געאַרבעט אין סאָווירטישן סאָד.

## 2

ס'איז בא אונדז אין קלאַס געווען א שילער מיטן נאָמען איוואַש — א שוואַך, קרענקלעך ייִנגל. און אָט האָט אים אָנגעהויבן צו רייצן א גרויסער שטיפֿערישער יאַט, סערגיי. אָפֿט האָט ער איוואַשן דערפֿירט צו טרערן.

איך האָב עטלעכע מאָל געזאָגט סערגייען, אַז מע טאָר אַזוי ניט טאָן, און ער האָט דעם שוואַכן אַלץ געררייצט און געררייצט.

איינמאָל האָט מיר געפּלאַצט דאָס געדולד. גאַנצפֿרי, ווען קימאַט אַלע כעוורע זײַנען שוין געזעסן אין קלאַס און נינע וואַסיליעוונע איז נאָך ניט געווען, איז אַרײַנגעקומען איוואַש. ער האָט קוים געשלעפּט די פֿיס — ווײַזט אויס, ניט געזונט געווען, — זיך שווער אוועקגעזעצט אף דער באַנק און געעפֿנט א ביכל. גלײַך נאָך אים איז אַרײַן סערגיי. פֿאָכנדיק מיטן פּאַרטפֿעל,

**האָט ער געשפּאַנט צווישן די פּאַרטעס און אומגעריכט אַ זעץ געטאָן מיט דעם פּאָרטפעל איבער איוואַשס קאָפּ. איוואַש האָט אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק.**

**איך געדענק אפילו ניט, ווי אַזוי איך האָב זיך עס אַ וואָרף געטאָן אויף סערגייען. מיר האָבן זיך צונויפגעקלאַמערט און אין אַ קנויל זיך געקײַקלט איבער דער פּאָדלאָגע.**

**כעוורע האָבן אונדז אָנגעהויבן פאַנאַנדערנעמען.**

**איך, כאָטש קלענער אין וווּקס, בין געווען שטאַרקער פאַר סערגייען, נאָר איך האָב זיך געוואָלט אויף אים זעצן רײַטנדיק, האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַרײַנגעקומען נינע וואַסיליעוונע.**

## 3

**אַלע זײַנען זיך צעלאָפן אויף די ערטער. איך מיט סערגייען זײַנען אויך גלײַך אויפגעשטאַנען. מיר שטייען — און שווײַגן. ס'איז מיר אַ כאַרפּע, וואָס איך האָב זיך געשלאָגן אין קלאַס. און נינע וואַסיליעוונע קוקט אויף מיר און זאָגט:**

**— און נאָך אַ פּיאָנער דערצו!**

**נאָר דאָ האָבן אַלע כעוורע זיך אָפּגערופן:**

**— ער איז ניט שולדיק, נינע וואַסיליעוונע! דאָס האָט ער זיך פאַר איוואַשן אָנגענומען!**

**נינע וואַסיליעוונע האָט גאָרנישט געזאָגט. זי איז שטיל צוגעגאַנגען צום טיש, געהייסן זיך זעצן און אָנגעהויבן דעם לימעד.**

**נאָר ווען די לימודים האָבן זיך געענדיקט, האָט זי געבעטן די קינדער פאַרבלײַבן אויף די ערטער און לאַנג געשמועסט מיט אונדז וועגן פרײַנטשאַפט, וועגן כאַווערישקײַט, וועגן קאָוועד פון אַ פּיאָנער.**

**דעם טאָג האָב איך פאַרגעדענקט אויף שטענדיק.**



— צי האָט וואַניע קאַזשעדוב גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן שוואַכינקן איוואַשן?
— דערציילט וועגן אײַער פּיאָנערן־אָטריאַד. מיט וואָס פאַרנעמען זיך אײַערע פּיאָנערן, ווען איר קלײַבט זיך צונויף אינײַנעם?

# די פאָן

די פאָן, וואָס עס האָט מיר מײַן זיידע געבראַכט,
צעוויקלט איך האָב און איך האָב זי באַטראַכט,
און טײַער די פאָן איז געוואָרן בײַ מיר —
קיין שטויב כ'וועל ניט לאָזן זאָל פאַלן אויף איר.

מיט איר איז מײַן זיידע געגאַנגען אין שלאַכט,
מיט איר האָט מײַן זיידע ניצחון געבראַכט,
מיט איר האָט ער וואַרשע גענומען און ווין,
מיט איר האָט מײַן זיידע גענומען בערלין.

עס פלאַטערט די פאָן איבער אונדז אין דער הייך,
אין איר, זאָגט מײַן זיידע, איז דאָ אַזאַ קויך,
וואָס פריידן זי ברענגט אונדז אין יעטווידער שטוב:
די פאָן דאַרף מען היטן און האָבן זי ליב.

ווי נאָר ס'קומט אַ יאָמטעוו, אַ שׂימחה אין לאַנד,
איך נעם אונדזער פאָן אין דער זיכערער האַנט,
און וואָס אַ מאָל שענער זי זעט אויס בײַ מיר,
מע טאָר ניט, אַז שלעכטס זאָל זיך טרעפן מיט איר.

בראָניע סינעלניקאָווע





— פאַרוואָס איז אונדז טײַער די סאָוועטישע פאָן?
— מאָלט אָן די פאָן פון אונדזער היימלאַנד.

# מויערער, מוליער

— מויערער, מוליער, אין פארטעך אין גרויען,
וואָס בויסטו, וואָס מויערסטו, זאָג?
— פון מירמל א פאלאץ איך האלט איצט אין בויען,
אז לויכטן עס זאָל דאָרט דער טאָג.

א פאלאץ מיט טורעמס, מיט פענצטער מיט בלאנקע,
אז נעכטיקן זאָל דאָרט די זון.
א פאלאץ מיט בראָנזענע זײַלן מיט שלאנקע,
געפלאָכטן פון גליק און פון רום.

— מויערער, מוליער, מיט ליכטיקע אויגן,
פאר וועמען דער פאלאץ, די פּראכט?
— פאר יענע, וואָס האָבן דורך שלאכטן און פלאמען
די פרײַהײַט דעם היימלאנד געבראכט.
פאר די, וועלכע בויען מיט אונדז הײַנט צוזאמען —
פאר זיי ווערט דער פאלאץ געמאכט.

א ו ו ר אָ ם   ג אָ נ ט א ר



— פאר וועמען בויט דער מוליער א פאלאץ?
— צי זײַנען פאראן אין אײַער שטאָט פאלאצן? באשרײַבט דעם פּיאָנערן־פאלאץ אין ביראָבידזשאן, דערציילט, וואָס טוען דאָרט די פּיאָנערן און שילער.

# ערשטער יוני —
# דער קינדער־טאָג



* * *

קינדערלעך פון אפריקע,
קינדער פון יאפאן,
ווו עס לעבן קינדערלעך,
דאָרט איז פרייד פאראן.

אלע קליינע קינדערלעך
זײַנען קלוג און שיין.
שווארצינקע און ווײַסינקע —
אלע פול מיט כיין.



— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# קינדהײט

גליקלעכע, גליקלעכע קינדער־יאָרן!

זיך אָנגעלאָפן צוזאַט, זיצסטו באַם טיש אױף דײַן הױכן קינדער־שטול. עס איז שוין שפּעט. לאַנג שוין אױסגעטרונקען דאָס גלעזל מילך מיט צוקער, דער שלאָף שליסט די אױגן, אָבער דו רירסט זיך ניט פון אָרט. זיצסט און הערסט. און צי קענסטו דען נישט הערן? די מאַמעשי רעדט מיט עמעצן, און די קלאַנגען פון איר קאָל זײַנען אַזעלכע האַרציקע.

מיט אױגן, פאַרנעפּלטע פון דרעמל, קוק איך אין איר פּאָנעם אַרײַן. פּלוצלינג איז זי געװאָרן קלײן אַזױ, קלײן אײנגאַנצן — דאָס פּאָנעם אירס איז ניט גרעסער פון אַ קנעפּעלע. איך זע עס אָבער נאָך קלאָר, איך זע, װי זי האָט אַ קוק געטאָן אױף מיר און זיך צעשמײכלט.

איך שטײ אױף, פאַרקלײַב זיך מיט די פיס אַפּן שטול און לײג זיך באַקװעם אַװעק.

— װעסט װידער אַנשלאָפן װערן, — זאָגט צו מיר די מאַמע, — גײ בעסער אַרױף אין דער הײך.

— איך װיל ניט שלאָפן, מאַמעשי, — ענטפערסטו איר, און אומקלאָרע, אָבער זיסע טרױמען פּילן אָן דעם מױעך. דער געזונטער קינדערשער שלאָף שליסט דיר די װיִעס, און אין אַ װײַלע אַרום שלאָפסטו אײַן גאָר שטאַרק. דו שלאָפסט, ביז מע װעקט דיך אױף. טײלמאָל פילסטו אין שלאָף, אַז אַ ליבע האַנט גלעט דיך. דערקענסט זי פון אײן ריר. שלאָפנדיקערהײט כאַפּסטו די דאָזיקע האַנט און דריקסט זי צו פעסט־פעסט צו די ליפּן.

אַלע זײַנען זיך שוין צעגאַנגען. אין שטוב ברענט נאָך אײן ליכט. די מאַמעשי האָט געזאָגט, אַז זי װעט מיך אַלײן אױפװעקן. זי האָט זיך צוגעזעצט אַפּן שטול, װוּ איך שלאָף, און מיט איר צערטלעכער האַנט געגלעט מײַנע האָר. איבער מײַן אױער קלינגט אַ ליב קאָל:

— שטײ אױף, נעשאָמע מײַנע. צײַט צו גײן שלאָפן.

און װען דו קומסט נאָכדעם אין דײַן בעטל אַרײַן, פילסטו די װײכע קאָלדרע אױף זיך, און אַפּן האַרצן איז אַזױ לײַכט און גוט. עס װילט זיך אײַנשלאָפן אין דער זיסער װאַרעמקײַט, און דו בעטסט, אַז מאָרגן זאָל זײַן אַ שײנער טאָג. דערנאָך קומען כאַלומעס, װאָס פּלאָנטערן זיך, מישן זיך צונױף און דו װערסט אַנשלאָפן שטיל, רויִק.

לעװ טאָלסטאָי



— דערצײלט װעגן אײַערע מאַמעס. װאָס טוען זײ אין שטוב און אױף דער אַרבעט? צי העלפט איר זײ?

# שטייט אין פעלד א ביימעלע



שטייט אין פעלד א ביימעלע,
האָט עס גרינע צווײַגעלעך:
זיצט דערויף א פייגעלע,
מאכט עס צו די אייגעלעך.

אף די גרינע צווײַגעלעך
וואקסט א גאָלדן עפּעלע.
מאך צו, מײַן קינד, די אייגעלעך,
א בראָכע אף דײַן קעפּעלע.

אף די גרינע צווײַגעלעך
שלאָפן שוין די פייגעלעך.
די מאמע זינגט זיי: א! א! א!
ס'איז א שטילע נאכט: א! א!

יִצחָק־לייבוש פּערעץ





— וועלכע וויגלידער קענט איר?
— לערנט אויס דאָס לידעלע אויסווייניק.

# אָדער־אָדער

אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באָבע
איז א באָבע —

וואָס זשע גאָר טראָגט זי
פּאָגאָנעס א פּאָר?
וואָס זשע גאָר רופט מען זי
כאווער מאיאָר?



אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באָבע
איז א באָבע —
ווו זשע זײַנען אירע ברילן?

אירע קעסטעלעך
מיט פּילן?
אירע שפּיזעלעך
פון שטאָל?
אירע קנײַלעכלעך מיט וואָל — האָ?

אָדער־אָדער
אדעראבע,
אויב מײַן באָבע
איז א באָבע —
וואָלט איך וועלן
וויסן קלאָר:
רופן זי באָבע,
צי כאווער מאיאָר.



*שיקע דריז*



— צי פאלט צונויף די אלטע פאָרשטעלונג וועגן א באָבע מיט דעם, וואָס עס ווערט דערציילט וועגן איר אין דער ליד?

# אינדערפרי



פרישע מילך אין גלעזער,
בולקעלעך מיט פוטער.
און אין דרויסן בלויער הימל
קלאָרער, אויסגערוטער.

גאסן פול מיט קינדער,
גרעסערע און קליינע,
גייען אין די שולן
ליכטיקע און שיינע.

גאסן פול מיט זונשײַן.
ברייט און פרײַ און אָפן,
קלאָרע, אויסגערוטע,
פריש און אויסגעשלאָפן.

ווערן גאסן ברייטער,
און א ווינט א לינדער
קומט און ברענגט צו פירן
אלע גוטע קינדער.

עפּענען אין שולן
זיך די טירן ברייטע,
לאכט די זון אנטקעגן,
קוקט אזא דערפרייטע.

יאקאָוו־יִצכאָק סיגאל



— דערציילט, וויִאזוי איר שטייט אוף, פרישטיקט און גייט אוועק אין שול.

# מיר איז גוט — איך בין א יאָסעם

אונדזער שכײנע פּעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאמען, אז איך זאָל דערווײַל זײַן בא איר, בא פּעסיען, הייסט עס, „וואָס וועט אײַך אַרן? — האָט זי געזאָגט, — עס גייען בא מיר צום טיש צוועלף, וועט גיין א דרײַצנטער".

פּעסיע איז נישט קיין רײַכע. איר מאַן איז אַן אײַנבינדער און הייסט מוישע. ער האָט א נאָמען פאַרן בעסטן אײַנבינדער. דאָס אַלץ איז אָבער ווייניק. מע דאַרף נאָך האָבן מאַזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסיע צו מײַן מאמען. מײַן מאמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אז צום שלימאַזל דאַרף מען אויך האָבן מאַזל. פאַר א סימען נעמט זי מיך. אָט בין איך א יאָסעם, און אַלע ווילן מיך. פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן מיך צו זיך אַף שטענדיק. נאָר ווי לאַנג קרענקען אירע סאָנים, ווי לאַנג זי וועט מיך אָוועקגעבן אַף שטענדיק! אַזוי זאָגט די מאמע און וויינט. זי האַלט זיך אָן אייצע מיט מײַן ברודער עליען. מײַן ברודער זאָגט, אז איך זאָל נאָר ניט זײַן קיין שייגעץ. אַלצדינג הייסט בא זיי א שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ א פּאַפּיר אַפן עק, זי זאָל זיך דרייען, — הייסט בא זיי א שייגעץ. קלאַפּן מיט א שטעקל איבער די גראַטעס פון דעם גאַלעכס הויף, אַלע הינט זאָלן זיך צונויפלויפן, — הייסט בא זיי א שייגעץ. אַפּשטעקן בא לייבקע דעם וואַסערפירער דעם צאַפּן פון דער פאַס, עס זאָל אויסלויפן דאָס וואַסער, — הייסט בא זיי א שייגעץ. „דײַן גליק, וואָס דו ביסט א יאָסעם! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַסערפירער, — אַנישט וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן די הענט מיט די פיס. דו קאָנסט מיר גלייבן אַפן וואָרט!"

איך גלייב אים אַפן וואָרט. איך ווייס, אז איצט וועט ער מיך ניט אָנרירן, ווײַל איך בין א יאָסעם.

שאָלעם־אַלייכעם



— פאַרוואָס זאָגט דער העלד פון דער דערציילונג, אז אים איז גוט, ווײַל ער איז א יאָסעם?

— וואָס באַטײַט דער אויסדרוק „צום שלימאַזל דאַרף מען אויך האָבן מאַזל"?

# א דערמאָנונג וועגן דער קינדהייט

פלוצלינג ווערט א כמארע, און צווישן גערטנער און פריש־גרינעם גראָז לויפט זיך א ייִנגעלע — באָרוועס, אין איין העמדל, מיט א היטעלע אפן קאָפּ. לויפט געשווינד, אָפּשטעלנדיק זיך יעדע ווײַלע.

די אייגעלעך ווארפן זיך אין אלע זײַטן און די אויערלעך הערן צו, אופּגעשטעלט ווי בא א העזעלע.

יענץ קינד דאָס בין איך מיט מײַן קאָוועד אליין.

דאָס ערשטע מאָל עפענען זיך מיר צום ערשטן מאָל אויף די אויגן מײַנע און איך אנטפּלעק מיך און בלײַב פארכאפּט אף דעם בילד, וואָס שטייט פאר מיר.

איינער אליין געפין איך מיך דאָ. קיין לעבעדיק באשעפעניש ארום נישטאָ. נאָר הימל און ערד.

א פלויט פון איין זײַט, א פלויט פון דער אנדערער זײַט.

אָט גיט א זעץ, א קלאַפּ אויבן אין דער הייך. דאָס קאָל קײַקלט זיך אין ענדע וועלט, צעפאלנדיק זיך דאָרט אף א סאך שטארקע קוילעס, און פײַער־דיקע שלאנגען פליִען מיט א צוק אין הימל.

א זײַל שטויב הייבט זיך אוף פון דער ערד, יאָגט זיך, דרייט זיך ווי א דריידל. נאָר באלד גיט א גאָס א רעגן, גאָר א דערקוויקעניש. גרויסע טראָפּנס פויקן אזש אפן גרינווארג אין די גערטנער.

מענדעלע מויכער־ספֿרים





— ציִ האָט איַיך אמאָל געטראָפן א געוויטער, ווען איר זײַט געווען אף דער גאס, אין פעלד, אין וואלד? דערציילט, וויִאזוי קומט פאָר א געוויטער.

# קינדער אין סאָוועטנפאַרבאַנד
# בײַס דער מילכאָמע

עס איז קאַלט. גלאַט און ברייט זײַנען די סטעפּעס אין דער געגנט פון סטאַלינגראַד. פעלד און הימל, הימל און פעלד. קיין בערגל, קיין בוים. די זון הייבט זיך אוף פון הינטערן פעלד און לאָזט זיך הינטערן פעלד אַרונטער. איבער דער דאָרפישער גאַס גייען פינף קינדער. זיי טראָגן א גרויסע זעג און א האַק. זיי שטעלן זיך אָפּ לעבן א נידעריק הײַזל מיט א שטרויענעם דאַך. זיי קלאַפּן אָן אין טיר. מע עפנט ניט. זיי קלאַפּן שטאַרקער. פון שטיבל דערהערט זיך א געוויין פון קליינע קינדער.

— האָט ניט קיין מוירע. לאָזט ארײַן. דאָס בין איך, זינע, — זאָגט די עלטערע פון די קינדער.



— די מאמע הייסט קיינעם ניט ארײַנלאָזן, — ענטפערט א דין שטי־מעלע.

— דו קענסט דאָך מיך, וואניע. דאָס זײַנען מיר, די פּיאָנערן פון דער שול. לאָז ארײַן! — באמיט זיך זינע אים אײַנרעדן.

די טיר עפנט זיך. אין שטיבל איז קאלט און האלב־פינצטער. צוויי קליינע קינדער זיצן אפן בעט. וואניע, א ייִנגעלע פון א יאָר פינף, שטייט לעבן דער טיר.

— לאָמיר זיך נעמען צו דער ארבעט! — זאָגט זינע צו די געקומענע.

וואליע כאַפּט אן עמער און לויפט צום ברונעם. צוויי ייִנגלעך און זינע גייען ארויס אין הויף. דאָרט ליגט א גראָבע קלאָץ. פריילעך לויפט די זעג פון האנט צו האנט. באלד איז די קלאָץ צעזעגט. די צעזעגטע שטיקער שפּאלטן די קינדער אף דינע שטיקלעך. דאָס צעהאקטע האָלץ טראָגט מען צוזאמען ארײַן אין פירהויז. איינע פון די מיידלעך קערט אויס דאָס שטיבל, הייצט אײַן דאָס אייוועלע. זי וועט בלײַבן מיט די קליינע קינדער, ביזוואנען די מוטער וועט קומען פון דער ארבעט.

די איבעריקע גייען אוועק. זיי דארפן הײַנט זײַן נאָך אין עטלעכע הײַזער — אָנשרײַבן בריוו צו א טאטן, אָדער צו א זון אפן פראָנט, צוגיין אין אפטייק נאָך רעפּועס פאר א קראנק קינד, אויסוואשן א העמדל.

דאָס זײַנען קינדער פון א טימור־קרײַזל. אזוי הייסן די קרײַזלעך פון די סאָוועטישע שול־קינדער, וואָס באמיִען זיך צו העלפן די פאמיליעס, ווו דער פאָטער אָדער דער זון איז אוועק אף דער מילכאָמע. אין יעדער שול זײַנען פאראן אזעלכע קרײַזלעך. זיי צעטיילן צווישן זיך די גאסן פונעם דאָרף, אָדער פון דער שטאָט, און יעדער קרײַזל באמיט זיך בעסער אויספילן די ארבעט.

הע׳לע׳נע כאצקע׳לעס



— וואָס איז אזוינס א טימור־קרײַזל?

— בעט בא די עלטערע מענטשן פון אײַער הויז, הויף אָדער גאס, זיי זאָלן אײַך דערציילן וועגן דער צײַט פון דער מילכאָמע. פארשרײַבט זייערע דערציילונגען און שטעלט צונויף אן אלבאָם.

# א מיידעלע דערציילט

**וויִאזוי זי האָט זיך געראַטעוועט פֿון טויט, ווען די פֿאַשיסטן זײַנען אַרײַן אין איר שטעטל**

איך בין געשלאָפן און געשלאָפן און געשלאָפן. עפשער הונדערט יאָר. אזוי לאנג בין איך געשלאָפן. אז איך האָב מיך אופגעכאפט, איז געווען שטארק פינצטער, און מיר האָבן זיך געפונען אף א גרויס פעלד. ארום מיר זײַנען געלעגן קינדער און געשלאָפן. וואָס טו איך דאָ אף דעם פעלד? איך האָב שוין נישט געדענקט, וויִאזוי איך בין אהער געקומען. נאָר מיטאמאָל האָב איך זיך ווי דערמאָנט, וואָס די מאמעשי האָט מיר אָנגעזאָגט: אז איך וועל זען א גרוב אין פעלד, זאָל איך זיך ארײַנוווארפן און אויסבאהאלטן. בין איך ארויסגעקראָכן פון די קינדער — איך בין געקראָכן אף אלע פיר — אזוי אף די פיס און אף די הענט, ווי א הינטל, ביז כ׳בין אָנגעקומען צו שטעכעדיקע דראָטן. קינדער זײַנען דאָרט געלעגן אף דער ערד און גע־שלאָפן. בא די שטעכעדיקע דראָטן האָב איך געזען שטיין דײַטשן מיט ביקסן. בין איך אזוי געלעגן בא די דראָטן און אײַנגענורעט דאָס פּאָנעם אין



דער ערד. זאָלן זיי ניט דערזען מײַן פּנעם, זאָלן זיי מיינען, אַז אַ קאַץ ליגט דאָ באַם פּלויט. שפּעטער אַ ביסל זײַנען זיך די דײַטשן מיט די ביקסן צע־גאַנגען אַף אַן אַנדער אָרט, האָב איך זיך אַרומגעקוקט — קיינער זעט ניט. בין איך דורכגעקראָכן צווישן די דראָטן. זיי האָבן צעדראַפּעט מײַן פּנעם. אוי, מײַן גאַנץ לײַב איז פֿול געווען מיט שניטן, נאָר איך האָב ניט געפֿילט, איך ווייס ניט פֿאַרוואָס. בין איך אַדורכגעקראָכן די דראָטן און האָב זיך געפֿונען אַף אַ פֿרײַ פֿעלד. בין איך געלאָפֿן און געלאָפֿן, ביז איך בין אַני־דערגעפֿאַלן. און וואָס עס איז געווען ווײַטער, געדענק איך שוין ניט.

דערנאָך בין איך געלעגן אין אַ גריבל און דײַטשן זײַנען געגאַנגען, און געגאַנגען, און געגאַנגען — מיט וועגענער און פֿערד, מיט האַרמאַטן און אַזעלכע גרויסע אײַזערנע הײַזער אַף רעדער. און אַלע זײַנען דורכגעגאַנגען דורך מײַן גריבל. איך האָב געמיינט, זיי וועלן מיך צעטרעטן. נאָר זיי האָבן מיך ניט צעטראָטן. און איך בין געלעגן און געוואַרט, ביז אַלע זײַנען פֿאַר־בײַגעפֿאָרן. האָב איך זיך אויפֿגעהויבן, בין איך זייער הונגעריק געווען. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און געזען אַ דאָרף, בין איך געגאַנגען אין דאָרף אַרײַן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, עס איז אַרויסגעקומען די באַלע־באָסטע, און זי האָט געקוקט אַף מיר. איך האָב גאָרניט געזאָגט, און זי האָט גאָרניט געזאָגט. זי האָט מיך גענומען און אַוועקגעפֿירט אין אַ שטאַל און מיך דאָרט איבערגעלאָזט. שפּעטער האָט זי מיר געבראַכט אַ שיסל מיט זויערמילך און אַ שטיק ברויט און האָט געזאָגט: „דו וועסט פּאַשען מײַנע נײַע כאַזיירים, ווען מע וועט דיך פֿרעגן, זאָלסטו זאָגן, אַז דו ביסט אַ פּויליי־שע, אַ יעסוימע פֿונעם דאָרף שווענטשין. האָסט פֿאַרשטאַנען? וואָרעם די דײַניקע האַרגענען זיי אויס ווי די פֿליגן". האָב איך געזאָגט: „יאָ, איך האָב פֿאַרשטאַנען". „און דו וועסט הייסן סאַריאַ קוויאַטקאָווקאַ", האָט זי געזאָגט.

און זי האָט געלאָזט מיך מיט סטעפּעקן אין שטאַל צו פּאַשען די כאַזיי־רימלעך.

**שאָלעם אַש**



— פֿאַרוואָס האָט דאָס מיידעלע זיך געדאַרפֿט אויסבאַהאַלטן אין אַ גרוב?
— וואָס ווייסט איר נאָך וועגן די רעציכעס פֿון די פֿאַשיסטן אַף דער פֿאַרכאַפּטער ערד?

# געראַטעוועטע קינדער

בייס דער מילכאָמע איז געווען אזא פאל. סאָוועטישע זעלנער זײַנען אפן קאווקאז אריַינגעקומען אין א קליין שטעטל. יעדער זעלנער האָט גע־טראָגן אף זיך א רוקזאק, די ביקס איז אים געהאנגען איבער דער פּלייצע, אָבער אף די הענט האָט יעדערער געטראָגן א קינד. אפילע א פארוווּנדעטער זעלנער האָט געטראָגן א קליין מיידעלע. אפן פלאץ, אינמיטן שטעטל, האָבן זיך די זעלנער אָפּגעשטעלט.



**— ווּעמענס קינדער זײַנען עס? — האָט מען זיך אָנגעפרעגט פון אַלע זײַטן. איינער פון די זעלנער האָט געענטפערט:**

**— איר ווילט וויסן, פאַרוואָס מיר פירן מיט זיך אַזױפיל קינדער? די היטלערישע פאַשיסטן האָבן דאָרט, פון וואַנען מיר קומען, אַלץ פאַרברענט: די שולן, דעם שפּיטאָל און דעם קינדערהיים. מיר האָבן אַרויסגעראַטעוועט אַלע קינדער. דערנאָך האָבן מיר זיי גענומען אויף די הענט און זײַנען אַוועק ווײַטער...**

**— ווען מיר האָבן געגעכטיקט אויף אַ באַרג, האָבן די קינדער געפרירט, ווײַל אויפן באַרג איז געלעגן שניי, ס'איז געווען זייער קאַלט. מיר האָבן זיי אײַנגעהילט אין אונדזערע שינעלן און אַליין שיר ניט פאַרפרוירן געוואָרן. מיר האָבן געטראַכט: ווי־אַזוי וועלן די קינדער אויסהאַלטן דעם מאַרש? ניט אַלע פון אונדז האָבן קינדער, אָבער וואָס פאַר אַן איבערגעגעבענע טאַטעס זײַנען מיר אַלע געוואָרן! מיר קאָנען אַלץ: געבן עסן די קינדער, לייגן זיי שלאָפן און דערציילן מײַסעלעך. איצט זײַנען מיר געקומען אַהער אין טאָל, און מיר פרעגן אײַך: ווער וועט נעמען די קינדער צו זיך, ביז עס וועלן זיך אָפּזוכן זייערע טאַטע־מאַמעס?**

**די ערשטע האָט איינע אַ פרוי שווײַגנדיק צוגענומען בײַ אַ זעלנער פון די הענט דעם בלאָנדן סעריאָזשע. דער זעלנער האָט געקושט האַרציק דאָס ייִנגעלע. סעריאָזשע האָט אויסגעצויגן צו אים די הענטלעך, אָבער דער זעלנער האָט געזאָגט: גיי, גיי, סעריאָזשקע, גיי!**

**דערנאָך זײַנען צוגעקומען אַנדערע פרויען. זיי האָבן גענומען די קינדער בײַ די סאָוועטישע זעלנער, אַוועקגעטראָגן זיי צו זיך אין די היימען. די זעלנער זײַנען געשטאַנען שווײַגנדיק און זיי נאָכגעקוקט.**

**אין דרײַ שאָ אַרום האָט די אָפּטיילונג ווידער אַרויסמאַרשירט. אומעטום זײַנען געשטאַנען פרויען פאַר די טירן און געהאַלטן אויף די הענט די אָנגעהאָדעוועטע און אויסגעוואַשענע קינדער.**

באָריס מאַקסימאָוו



— מאָלט אָן אַ סאָוועטישן זעלנער מיט אַ געראַטעוועט קינד אויף די הענט.
— אין וועלכע שטעט (אין אַן אויסלענדישער מעלוכע) שטייט אַ דענקמאָל דעם סאָוועטישן זעלנער, וועלכער האַלט אויף די הענט אַ געראַטעוועט קינד?



# מאַרש־ליד

1

איינס און צוויי,
און דרײַ און פיר;
וואָס מיר זײַנען,
זײַנען מיר!
כאָטש מיר זײַנען
יונג און קליין,
ווי די העלדן
דאַרף מען גיין!

מאַרש, מאַרש, געגאַנגען
מיט פּויקן און געזאַנגען;
מיר דאַרפֿן ניט פֿרעגן,
מיר ווייסן די וועגן.

2

פֿינף און זעקס,
און זיבן, און אַכט,
ניט געוויינט
און ניט געלאַכט.

ניט געשטאַנען,
נאָר ניט שטיין,
ניט געלאָפֿן —
גיין, נאָר גיין!

3

נײַן און צען,
און עלף, און צוועלף —
טרעפסט א פויער
זאָג: גוט־העלף!

4

פליט א פויגל,
זאָג אים: פלי!
טרעפסט א בלימל —
זאָג אים: בלי.



מארש, מארש, געגאנגען
מיט פויקן און געזאנגען;
מיר דארפן ניט פרעגן,
מיר ווייסן די וועגן!

ייִצכאָק קאצענעלסאָן
א ייִדישער פאָעט, וואָס איז אומגע־
קומען אין געטאָ פון די הענט פון
די פאשיסטן



— מיט וועלכע מארש־לידער מארשירט איר?
— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# אף הונדערט שפּראַכן



עפּשער אַף הונדערט שפּראַכן
קאָן מײַן מיידעלע לאַכן.
אַף ייִדיש, העברעיִש,
אַף ענגליש, פראַנצויזיש,
אַף רוסיש, אַף טערקיש,
אַראַביש און פּערסיש,
אַף, אַף, אַף...



— ווי לאַכט מען אַף ייִדיש?
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.
— ווי לאַכט מען אַף ענגליש?
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.
— ווי לאַכט מען אַף רוסיש?
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.
ווי לאַכט מען אַף, אַף, אַף?
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.
— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ.

שיקע דריז



— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.



# די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט — ביראָבידזשאַן

## איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען?

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען דעם בירע־טײַך?
אין שײנקײַט איז ער מיטן דניעפּער גלײַך,
און פליסן פליסט ער פונעם דניעפּער שנעלער.

מאכט זיך אמאָל און אפדערנאכט א העלער,
איז ווייסט איר, ווי די בירע זעט דאן אויס?
אײַ, איז זי גרויס!
אײַ, איז זי ברייט!
זי יאָגט אזוי פארטראכטערהייט,
און אלע ביימער קוקן פון איר נאסע,
אליין דער הימל טוקט זיך אין איר וואסער.
איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען דעם קליין־כינגאן?
אף זײַנע סאָפּקעס ווינט דער בער און דער פאזאן,
און בלוי איז ער, ווי הימל נאָך א רעגן.

מאכט זיך אמאָל, דער טײַך פארגיסט די ברעגן,
איז ווייסט איר, ווי כינגאן איז דעמלט שיין?
ער שטייט אליין
און רייצט זיך מיט די וועלן,
און אויב דעם טײַך איז עס ניט שטארק געפעלן,
איז נעמט דער בארג אוןווארפט אראָפּ א שטיין.
סע הייסט:

— איך בין א בארג,
און דו מעגסט ווײַטער גיין!...

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען דעם טײַגע־וואלד?
געדיכט איז ער!
א בוים א שווערער פאלט,
און ווילדע הירשן יאָגן צו א קוואל.

פארנאכט צינדט אָן אין טײַגע זיך א שטראל,
איז ווייסט איר, ווי עס זעט דאן אויס דאָס גראָז?
ס'איז ראָז,
ס'איז דין.
און געלע בלעטער ווערן ווידער גרין.

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען ביראָבידזשאן,
מיט בירע און כינגאן,
מיט טײַגע, וועלכע איז נאָך ווילד אצינדער?

אײַ, איז דאָרט הויך דער הימל, קינדער!
און ווייסט איר, וויפל רײַכקײַט ס'האָט דער קאנט?
— ניט מעסטן מיט דער האנט,
— ניט ציילן אף די פינגער,
— ניט אלץ ארײַנצושטעלן אין אָט דער־אָ ליד,
ס'איז קוילן,
ס'איז גראניט,
ס'איז מארמאָר, טווועס, רויזן,
דער וואלד, די טײַכן, וועלכע ברויזן,
פיכטא און צעדער וואקסט אף יעדן שפאן —
אזוי איז, קינדער, רײַך דאָס לאנד ביראָבידזשאן.

ארן ווערגעלים



— וואָס האָט איר זיך דערוווּסט פון דער דאָזיקער ליד וועגן דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט — ביראָבידזשאן?

# בירָאָבידזשאַן — ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט

איבער דער גרויסער טראַנס־סיבירער אײַזנבאַן, פאַרבײַ די אומגעהײַערע ברייטן פונעם לאַנד, יאָגט אַ צוג קיין בירָאָבידזשאַן.

דער צוג פאָרט פאַרבײַ נאָוואָסיבירסק, קראַסנאָיאַרסק, אירקוטסק, גייט דורך פאַרבײַ דער פּרעכטיקער אָזערע בײַקאַל, לענגאויס די באַרימטע טײַכן שילקאַ און אַרגון, וווּ עס וואַקסן איצט בליִענדיקע ייִשובֿים, און ענדלעך שטעלט ער זיך אָפּ בײַ דער סטאַנציע אָבלוטשיע — דער אָנהייב פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

אַ גרויסאַרטיק בילד עפנט זיך דאָ פאַר די אויגן — אַ בילד פון אַ רײַך און זייער פּרוכטבאַר לאַנד.

אַרום און אַרום זעען זיך געדיכטע טײַגע־וועלדער, וווּ עס וואַקסן מעכטיקע דעמבן, שלאַנקע טאָפּאָלן, מאַנדזשורער אַשביימער (יאַסענס), וואָס



האלטן ביז 35 מעטער די הייך און האָבן מער ווי א מעטער אין דיאַמעטער. דאָ ציִען זיך וועלדער פון דופטיקע אמורער און מאנדזשורער לינדנביימער, ריזיקע דאורער רויטביימער, דרײַסיקמעטערדיקע סאַמעטביימער, קאַלאַסאַלע צעדערביימער און קלאַרוויַסע בערעזעס.

עס שטראָמען דאָ שנעלע טײַכן און טײַכלעך, אָפט וואַרפן זיך דורך פּרעכטיקע אָזערעס. די וואַסערן זײַנען פול מיט פיש, די גראָזן זײַנען הויכע און שמעקעדיקע, און דאָס אַלץ ליגט צעוואָרפן צווישן קלענערע און העכערע בערג, וואָס ציִען זיך אין קייטן פונעם קליינעם כינגאַן צום אַמור.

אין די טיפענישן פון דער ערד ליגן פאַרבאָרגן קאָלאָסאַלע אוצרעס. דאָ שטויסט איר זיך אָן אויף פּרעכטיקע שיכטן מאַרמאָר פון אַלערליי קאָלירן — ראָזעווער, רויטער, גרינער. בײַ דער אײַזנבאַן און טיף אין דער טײַגע ליגן רײַכע געפינ־ערטער פון גראַפיט און מאַגנעזיט, בײַ דעם טײַך סוטאַרע ציִען זיך פעלדער פון גאָלד־זאַמדן. לענגאויס דער אײַזנבאַן און בײַם אַמור ליגן געפינ־ערטער פון אײַזנאַרץ.

אויף אָט דער געבענטשטער ערד איז אין 1928 יאָר, לויט דער באַשטימונג פון דער סאָוועטן־רעגירונג, געגרינדעט געוואָרן דער ביראָבידזשאַנער נאַציאָנאַלער ייִדישער ראַיאָן און דעם 7־טן מײַ 1934 — די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט.

דאָוויד בערגעלסאָן, עמאַנויִל קאַזאַקעוויטש





— דערציילט איבער מיט אייגענע ווערטער דאָס, וואָס עס איז דאָ אָנגעשריבן וועגן ביראָבידזשאַן.

# די שטאָט ביראָבידזשאַן

די שטאָט ביראָבידזשאַן געפינט זיך אין צענטער פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט אף דער הויפט־מאַגיסטראַל פון דער גרויסער סיבירער אײַזנבאַן, 8393 קילאָמעטער צו מיזרעך פון מאָסקווע און 170 קילאָמעטער מערעוודיקער פון כאַבאַראָווסק. די שטאָט פאַרנעמט אַ שעטעך פון העכער 60 קוואַדראַטע קילאָמעטער. לויטן רעליעף באַשטייט זי פון צוויי טיילן — אַ הויכן אפן רעכטן ברעג פונעם בירע־טײַך, און אַ נידעריקן אף זײַן לינקן ברעג. דאָ ציִען זיך די הויפט־מאַגיסטראַלן פון דער שטאָט — די גאַסן אף לענינס נאָמען, אף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען, די קאָמסאָמאָלסקער, וואָלאָטשײַעווסקער, אף קאַלינינס נאָמען, דער ייִשעוו אפן נאָמען פונעם העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יויסעף בומאַגין און אַנדערע.

העכער צוויי הונדערט גאַסן פאַרמאָגט איצט די שטאָט. זייער אַלגעמיינע לענג באַטרעפט בא 200 קילאָמעטער. אַ באַדײַטנדיקער טייל פון אָט די גאַסן איז גוט אַספאַלטירט און וווּיל־אײַנגעאָרדנט. אַלע געמויערטע הײַזער פאַרמאָגן וואַסערלייטונג, גאַז.

אין ביראָבידזשאַן זײַנען טעטיק העכער צוואַנציק אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, עטלעכע בוי־טרעסטן. די אײַזנבעטאָנענע בריק איבער דער בירע פאַרבינדט דעם צענטער מיט די ייִשווים, וואָס גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער שטאָט — פאַרטיזאַנישער, זאַרעטשיע, אווגוסטאָווער, ביראָבידזשאַן־2.

פאַר דער לעצטער צײַט זײַנען אין דער שטאָט אויסגעבויט געוואָרן פיל נײַע געבײַדעס: דאָס ערשטע 9־שטאָקיק הויז, אַ פילהאַרמאָניע, אַ פּאָטשט, שולן, קינדער־גאָרטנער, קלובן.

צוזאַמען מיט די אַרבעטנדיקע פונעם גאַנצן לאַנד האָבן ביראָבידזשאַנער אַקטיוו זיך אײַנגעשלאָסן אין דער איבערבויונג, וואָס קומט פאָר אין אַלע געביטן פון דער פאָלקסווירטשאַפט נאָכן 27־טן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר און 19־טער אַלפאַרבאַנדישער פאַרטיי־קאָנפערענץ.

150 העקטאַר זײַנען אין דער שטאָט פאַרנומען מיט פּאַרקן, סעדער, סקווערן. אַ ביז גאָר שיין אָרט איז דער שטאָטישער פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו, וואָס געפינט זיך אף אַן אינדזל אפן בירע־טײַך — דעם בײַטײַך פונעם אַמור. די לענג פון דער בירע איז 300 קילאָמעטער.



— דערציילט וועגן דער גאַס, אף וועלכער איר וווינט.

# די נאַטור פֿון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

אױף דאַרעם־מײַרעװ, הינטער די עקסטע שטיבער פֿון דער שטאָט ביראָ־בידזשאַן, הייבט זיך אָן דער באַרגרוקן שוקי־פאַקטאַי. דאָ איז דער אָנהייב פֿון דרײַ ניט קיין גרויסע טײַכן, װעלכע טראָגן זײערע שטורמישע קרי־שטאַל־ריינע װאַסערן אין דער בירע.

די ברעגן פֿון די טײַכן און די סאָפּקעס זײַנען באַדעקט מיט װאַלד, אין װעלכן עס װאַקסן ריזיקע צעדערס, ליסטװעניצעס, דער מאַנדזשורער נוסנ־בוים, אַמורער סאַמעטבוים און אַפילע סובטראָפּישע געװיקסן — ליִאַנעס, אַקטיניִדיִעס. אין די אָפּרו־טעג פֿאָרן אַהער אַרויס הונדערטער, טויזנטער אײַנװױנער פֿון ביראָבידזשאַן נאָך שװאָמען און יאַגדעס.

נאָך אין פֿריִען פֿרילינג באַדעקן זיך די סאָפּקעס מיט באַגולניק — אַ פּרעכטיקע בלום. אין מײַ קומט די צײַט פֿון לאַנדישן, און זומער — פֿון ליליִעס, איריסן, פּיִאָנען. מיט די אינדערפֿריִיִקע אווטאָבוסן לאָזט מען זיך אװעק אין דער טײַגע, און באַטאָג קערט מען זיך אום מיט פֿולע עמערס גאָלוביצע.

אין דער טײַגע װאַקסט דער עלעוטעראָקאָק, װעלכער איז ענלעך צום באַרימטן זשענשען, װי אויך די אַראַליִע, דער לימאָניק.

מערקװירדיק איז אויך די באַלעכאַיִם־װעלט אין די אומגעגנטן פֿון בי־ראָבידזשאַן. אין די היגע װעלדער לעבן די װעװערקע, דער יענאָט, בורונ־דוק, קאָלאָנאָק, װידרעס, װילדע כאַזיירים, װילדע ציגן, איזיובערס, האָזן. עס טרעפֿן זיך, עמעס, זעלטענער, װעלף, בערן.

אױף די אָזערעס קאָן מען כאַפּן אַ היפּשן קאָרעס, און אינעם באַרג־טײַכל טרעק — אַ כאַריִוס. אין מײַ גיט אַרויס די בירע דעם זילבערקאָליריקן סיג, אױף דער װענטקע כאַפּט זיך אויך אַ העכט און ניט זעלטן — אַ פּודיקער טײַמען.





— װאָס נאָך קאָנט איר דערציילן װעגן דער נאַטור פֿון דער ייִדי־שער אווטאָנאָמער געגנט?

# א באַגעגעניש אין טײַגע

אַלץ איז געווען נײַ און אומגעוויינלעך. אַלץ האָט איבעראַשט און אַנ־ציקט. די מעכטיקע צעדערביימער מיט צווײַגן, ווי אויסגעשטרעקטע הענט, די דוירעסדיקע דעמבן, ווי אַנגעכמורעטע ריזן, און די הויכע סאָסנעס, וואָס האָבן אויסגענומען גראָד מיט זייער באַשיידנקײַט.

א בלענדנדיקע זון האָט ארומגעטאַנצט אין די טונקעלע געדיכטענישן, איבערגעשפּרונגען פון איין שפּיץ בוים אף א צווייטן, און געדוכט האָט זיך, אַז עמעצער יאָגט איבערן וואַלד מיט א ברענענדיקן שטורקאַץ, און באַלד וועט אַלץ אַרום זיך אָנצינדן און עס וועט אויפלאַקערן א סרייפע, וואָס די וועלט האָט ניט געזען...

ס'האָט א גאָס געטאָן א רעגן. ער איז דורכגעלאָפן, אויפגערוישט ווי א בינען־כאַליאַסטרע, נאָרוואָס פון בינשטאָק אַרויס, און פאַרשוואונדן. און גלײַך נאָך דעם — א רעגנבויגן. אים איז ענג געוואָרן אפן הימל־ראַנד, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט, צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ אף די ביימער, אויסגעצויגן זיך איבער דער ערד און אײַנגעטונקט די פיס אינעם בירע־טײַך, איבערגע־פאַרבט אַלץ אַרום מיט זײַנע אויסטערלישע פאַרבן. זיי האָבן זיך געמינעט, גלײַך עמעצער האָט זיי געהאַלטן אין איין איבערמישן, פּרוּוונדיק, וועלכע פאַרב וועט זיך בעסער צופּאַסן, העלער א לויכט טאָן אין אָט דעם וווּנדער־באַרן קאַנט...

כאַיִם מעלאַמוּד






— צי זײַט איר געווען אין דער טײַגע? דערציילט, וויאַזוי זעט אויס די טײַגע אין פאַרשיידענע צײַטן פונעם יאָר.

# וולאדימיר פעלער

דער פולער קאוואלער פונעם „רום־אָרדען" וולאדימיר פעלער, פּאַרזי־צער פון א ביראָבידזשאנער קאָלווירט, האָט פון טאָמיד אָן געבענקט נאָך שווערער ארבעט. אף דער מילכאָמע האָט ער זיך אופגעפירט ווי א העלד. אין אפרעל 1944 זײַנען פאַרגעקומען בלוטיקע שלאכטן לעבן דער שטאָט איד־ריצע, קאלינינער געגנט. דער סטארשינא פעלער, צוזאמען מיט עטלעכע סאָלדאטן, רופט זיך ארויס דורכצופירן א געפערלעכע אָפּעראציע. זיי דער־נעענטערן זיך צו די פּאָזיציעס פונעם סוינע און באווארפן מיט קעגנטאנ־קען־גראנאטעס א פארפעסטיקטן דזאָט, עפענענדיק אזויארום דעם וועג פאר אונדזער פעכאָטע. פאר אָט דעם העלדנטאט ווערט פעלער באלוינט מיטן „רום־אָרדען" פון דער דריטער מאדרייגע.

בייס די שלאכטן לעבן דעם ליטווישן דערפל זשאטישקי אין יול 1944 האָט וולאדימיר פעלער פארביטן דעם פארוווּנדעטן קאָמאנדיר פונעם ערשטן ווזוואָד, זיך געשטעלט בעראָש פון דער קאָנטר־אטאקע און פארכאפּט א וויכטיקע פּאָזיציע, פארלײַכטערנדיק דערמיט די ווײַטערדיקע אטאקעס פון דער ראָטע. אין אָט דער שלאכט ווערט פעלער קאָנטוזיעט, ער פארלאָזט אָבער ניט זײַן אָרט ביזן סאָף פון דער אָפּעראציע. פארן העלדנטאט ווערט ער באלוינט מיטן „רום־אָרדען" פון דער צווייטער מאדרייגע.

דרײַ טעג נאָכאנאנד האָט דער פײַנט אטאקירט פעלערס ראָטע בא דער שטאָט דאָבעלע אין דער ליטווישער רעפּובליק. אלע וועגן, וואָס פירן צו די טראנשייען פון דער ראָטע, באווארפט דער פײַנט מיט סנאריאדן, מיט מי־



**נעס, באשיסט זיי מיט קוילנוואַרפּערס. דער סטאַרשינאַ פּעלער שטעלט צו פערזענלעך אין די שוצגראָבנס אלדאָס נייטיקע פאַר דער שלאַכט. דערנאָך נעמט ער אָנטייל אין צוויי קאָנטער־אַטאַקעס. אף זײַן ברוסט באַווײַזט זיך דער „רום־אָרדען" פון דער ערשטער מאַדרייגע.**

**נאָכן קריג קערט זיך פּעלער אום קיין ביראָבידזשאַן. ער אַרבעט אינעם וואַלדהיימער קאָלווירט. אין דרײַ יאָר אַרום ווײַלט מען אים אויס פאַרן פּאָרזיצער פון דער ווירטשאַפט. די קאָלווירטניקעס האָבן ליב געקראָגן דעם רומפּולן סאָלדאַט, וועלכער האָט באַוויזן אויך אין דער ערדאַרבעט מוסטערן פון בעריעשקײַט, אַקשאָנעס, געטרײַשאַפט.**

**דער וואַלדהיימער קאָלווירט „לענינס געבאָטן", בעראָש מיט וולאַדימיר פּעלערן, איז געוואָרן איינער פון די פּאָרגעשריטנסטע אפן ווײַטן מיזרעך. די סאָוועטישע רעגירונג האָט צוגעייגנט פּעלערן דעם טיטל העלד פון סאָציאַליסטישער מי.**

דמיטרי זילמאַנאָוויטש



— רעכנט איבער, וועלכע העלדן פון סאָוועטנפאַרבאַנד און העלדן פון סאָציאַליסטישער מי ווײנען אָדער האָבן געלעבט אין דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט.

# ביראָבידזשאַן

איצטער, קינדער, העלפט אונדז מיט,
גיט א זינג א נײַע ליד,
אונטער מונטערן געזאנג
לײַכטער ווערט דער שווערסטער גאנג.

לערנט אויס דאָס נײַע וואָרט,
ס׳איז א נאָמען פון אן אָרט,
לאָמיר דאָס פאמעלעך טאָן,
אָטעמט אײַן, מיר הייבן אָן.

בירע, בירע איז נאָך גרינג,
עטוואָס שווערער איז בידזשאַן,
איצטער, קינדער, גיט א קלינג:
ביראָ־בידזשאַן...
ביראָ־בידזשאַן...

דאָוויד האָפשטיין



— וואָס באַטײַט דער נאָמען ביראָבידזשאַן?



# סאַרא גליק עס איז—
# זיך לערנען אין דער שול

## אין ערשטן קלאַס

זאָגט, פאַרוואָס גייט בערעלע
אַזוי שטאָלץ היינט אויף דער גאַס?
ווײַל ער הייבט זיך אָן צו לערנען
אין דער שול, אין ערשטן קלאַס.

ער האָט אופגעכאַפּט באַנאַכט זיך
און א שפּרונג געטאָן פון בעט,
ווײַל געמיינט האָט אונדזער בערל,
אז עס איז שוין זייער שפּעט.

כידעשט זיך ניט, וואָס ער גייט היינט
אַזוי שטאָלץ איבער דער גאַס.
באַלד ער הייבט זיך אָן צו לערנען
אין דער שול, אין ערשטן קלאַס.



— פאַרוואָס איז היינט בערעלע אַזוי שטאָלץ?
— רופט אָן דעם טאָג, ווען עס הייבן זיך אָן די לימודים אין ערשטן קלאַס.

# דער אלעפבייס

אלעף, בייס, גימל,
אף מײַן קינד א זיסער דרעמל.

דאלעד, היי, וואָוו,
אף מײַן קינד א זיסער שלאָף.

זײַען, כעס און טעס,
טאָג און נאכט איז א מעסלעס.

יוד און כאָף,
קומט די נאכט, קומט דער שלאָף.

לאמעד, מעם, נון,
קומט דער טאָג, גייט אוף די זון.

סאמעך, אײַען, פיי,
טוט דער האָן א קריי.

פיי, צאדיק, קוף,
צו דער ארבעט טוט א רוף.

רייש, שין און טאָף,
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף.

עליִעזער שטײַנבארג





— כאזערט איבער אף אויסווייניק דעם יידישן אלעפבייס.

# אלע מאָלן

אלע קינדער בא דער ארבעט —
מיט די בלײַערס, מיט די פארבן.

טוט א בלײַער זיך א ריר,
שטייט א שטוב אפן פאפיר.

קריכט דער בלײַער אין דער הויך,
גייט פון קוימען דאָרט א רויך.

טוט דער בלײַער נאָך א קלעטער,
זע איך ביימער, צווײַגן, בלעטער.

לאָזן פארבן זיך אהין,
ווערן בלעטער געל און גרין.

א ג נ יִ א   ב א ר ט אָ



— מאָלט אָן דאָס בילד, וויִאזוי א ייִנגעלע און א מיידעלע זיצן באַם טיש און מאָלן.

# א צײַלעניש

צוויי הענט בא דיר,
צוויי הענט בא מיר,
ניט צו פארגעסן —
פארשרײַב אף פאפיר.

צוויי פיס בא דיר,
צוויי פיס בא מיר,
צוויי מאָל צוויי
איז שטענדיק פיר
אף אונדזער פאפיר.

צוויי אויערן בא דיר,
צוויי אויערן בא מיר,
פארשרײַב עס ווידער
אף פאפיר.

צוויי אויגן בא דיר,
צוויי אויגן בא מיר,
ניט פארגעסן —
פארשרײַב אף פאפיר.

צוויי נעזלעך בא דיר,
צוויי נעזלעך בא מיר,
צוויי מאָל צוויי
איז נאָכאמאָל פיר.

שיקע דריז





— לערנט אויס די ליד אויסווייניק.



# שולדיק

ניין, כ׳בין ניט שולדיק,
דעם שולדיקן זוכט!
כ׳האָב ליב סײַ מײַן העפט,
סײַ דעם טײַערן בוך.
איך וויל, מײַנע זאכן
געהיט זאָלן זײַן,
דער לערער זאָל לויבן
און זאָגן מיר: „פֿײַן!״

אָבער די ביכער צעפּליִען זיך פֿאַרט,
זיי ווילן געפֿינען א בעסער אָרט.

איך זוך און איך זוך,
איך זוך און איך זוך —
וווּהין איז שוין ווידער
פֿארשווּונדן מײַן בוך?

און פּלוצלינג פֿון קיך
די מאמע קומט אָן,
אין האנט האלט דעם בוך
אָט אזוי אויבנאָן.
און פֿונעם ביכל א שטראָמעלע פֿליסט,
דער מאמען אין ארבל דאָס שטראָמעלע גיסט.

קוק איך זיך אײַנעט,
דערקען איך דעם בוך —
ס׳איז טאקע דאָך יענער
אָט דער, וואָס איך זוך!
זאָגט מיר די מאמע: — אין וואנע, אין קיך,
אין וואסער אָט דאָרט איז געלעגן דײַן בוך!



אוי, טאקע דעם בוך
האָב איך דאָרטן געלייענט,
בעשאס כ׳האָב מיט פּראָשעק
געריייניקט די ציין.
דערנאָך אים פארגעסן
(אוואדע קאָן זײַן),
נעמט ער און ווארפט זיך
אין וואנע ארײַן!

און איך בין נישט שולדיק,
דעם שולדיקן זוכט!
כ׳האָב ליב גאָר מײַן העפט
מײַן העפט און מײַן בוך.

אין צײַטונג כ׳פּארוויקל
מײַן נײַינקן העפט,
מײַן העפטעלע טרעפט.
און וואָס נאָר איך עס,
פארווילט זיך אים אויך.
קריכט ער צום הערינג,
און קריכט צו דער יויך.

פארשטייט זיך, אין פלעקן
ווערט גלײַך דאָס פּאפּיר,
נאָר איך בין ניט שולדיק,
וואָס האָט מען צו מיר?

און דאָס, וואָס אין טינט
איז מײַן אָנצוג געווען,
איז שולדיק, פארשטייט זיך,
נישט איך, נאָר די פען.

אז דיק איז דאָס הענטל,
די פּען — מיט אַ שפּיץ,
דער טינטער איז פול,
נו, איז טוט עס אַ שפּריץ! —
איז שולדיק די פּען,
וואָס שפּריצט און וואָס פּיקט,
דער העפט, וואָס ער דרייט זיך
נאָר הין און צוריק!

וואָס זאָגט מען אף מיר,
אז איך האַלט זיך נישט ריין?
מע טשעפּעט זיך פּאַשעט,
ווײַל איך בין נאָך קליין!

כאנע לעווין







— וואָס דאַרפסטו טאָן, קעדיי מע זאָל זאָגן, אַז דו ביסט אַן אַקו־ראַטער שילער?

# «נאָרמאל»

לענע לערנט זיך אין צענטן קלאס. עס האָט זיך אזוי געמאכט, אז דעם פאָטער אירן האָט מען ניט לאנג צוריק אריבערגעפירט אף ארבעט אין אן אנדער שטאָט. איז די מישפּאָכע אריבערגעפאָרן, און לענע איז געבליבן בא אונדז, באם זיידן מיט דער באָבע, ביז זי וועט פארענדיקן די שול.

ווען לענע קומט פון די לימודים און מע זעצט זיך צום טיש, — מיר ווארטן אף איר מיטן מיטיק, — טוט מען א פרעג:

— ווי איז עס דיר היַינט געגאנגען אין שול, לענע?

ענטפערט זי:

— נאָרמאל.

— מע האָט דיך ארויסגערופן?

— יאָ.

— וויאזוי האָסטו געענטפערט?

— נאָרמאל.

— וואָס הייסט „נאָרמאל"?

— א „פינף".

אפן אנדערן טאָג:

— היַינט האָט מען דיך אויך ארויסגערופן? (ווען מע פרעגט ניט, וואָלט זי ביכלאַל גאָרניט דערציילט). לענע טוט א שאָקל מיטן קאָפּ.

— מע פרעגט דאָך בא דיר...

— זאָג איך דאָך...

— וואָס זאָגסטו?

— יאָ.

— אף וואָס פאר א קעגנשטאנד האָט מען דיך ארויסגערופן?

— אף ליטעראטור.

— ווי האָסטו געענטפערט?

— נאָרמאל.

— וואָס הייסט „נאָרמאל"?

— א „פיר".

זאָגט די באָבע:

— נעכטן איז בא דיר א „פינף" געווען „נאָרמאל", היַינט א „פיר"...

— נאָרמאל...

בוזי מילער

# אָט אזוי שרײַבט סאָרע

אָט אזוי־אָ שרײַבט זי, סאָרע:
מאכט א קלעק אױף יעדער שורע,
דרײַסיק גרײַזן אױף א פּערטל,
און זי פֿוילט זיך גאָר א קלער טאָן!

שטייען קאָטשערעס פֿארבויגן,
און כאָטש נעם ארויס די אויגן,
פּונקט אינמיטן שטעקט א פּלאָקן —
כ׳האָב אױף טויט זיך אזש דערשראָקן.

כ׳בין געוועזן בא אלע שכיינים:
— עפּשער קאָנט איר איבערלייענען?
אלע הײַזער אויסגעלאָפֿן,
קיינער האָט עס ניט געטראָפֿן.

רופֿט זיך אָן די שכיינע ברײַנע:
— עפּשער איז דאָס גאָר ציגײַנערש?
טוט א קוק דער שאָכן יאָסי:
— עפּשער איז דאָס עסקימאָסיש?



טוט א שמייכל כאַצקעס פֿאָטער:
— שאַט נאָר, עפּשער איז עס טאָטערש?
טוט א לאַך דער קליינער כאַצקע:
— נע, ס'איז פּאָשעט אָנגעפּאַטשקעט.

כ'בעט דיך, כאַוועריטע, צי כאַווער,
ס'איז מיר זייער שטאַרק טשיקאַווע:
נעם, באַקוק עס און באַטראַכט עס.
פּרוּוו און שטויס זיך אָן, וואָס מאַכט עס.

טאָמער טרעפסטו כאָטש א ביסל,
בעט איך, גיב מיר גלײַך צו וויסן
מיט א בריוו, צי מיט א קאַרטל —
האָב אין זינען, איכ'ל וואַרטן.

ביניאָמין גוטיאַנסקי





— וואָס וואָלסטו אָנגעשריבן סאָרען אין דײַן בריוול אָדער קאַרטל?

# אמאָל־אמאָל איז עס געשען

ווען דער גרויסער ייִדישער שרײַבער י.־ל. פּערעץ איז געווען א קליין ייִנגעלע, האָט מען אים גערופן לייבושל. ער איז געווען זייער א פריילעך ייִנגעלע און האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך און צו שטיפן.

איינמאָל איז ער איינײנעם מיט אַלע קינדער געזעסן אין שול און געהערט, ווי דער לערער דערציילט א מעַסעלע. ער האָט זיך אָבער אָנגעהויבן צו שפּילן מיט קײַקעלעך. האָט דער לערער צוגענומען בא אים די קײַקעלעך און געזאָגט:

„ווען דער לערער רעדט, דאַרף מען הערן און ניט שפּילן זיך“.
דער לערער האָט אַרײַנגעלייגט די קײַקעלעך צו זיך אין אַ קעשענע און געפֿרעגט לייבושלען:
„די אויערן דײַנע זעסטו?“
„ניין“, — האָט געענטפֿערט לייבושל.
האָט דער לערער געזאָגט: „אַזוי ווי דו זעסט ניט דײַנע אויערן, אַזוי וועסטו שוין אויך מער ניט זען דײַנע קײַקעלעך“.
אין שול איז געהאַנגען אַ שפּיגל. איז לייבושל צוגעלאָפֿן צום שפּיגל און אויסגעשריִען:
„לערער, לערער! איך זע מײַנע אויערן, גיט מיר אָפּ די קײַקעלעך!“
דער לערער האָט זיך צעשמייכלט און צוריק אָפּגעגעבן לייבושלען די קײַקעלעך. לייבושל האָט אָבער צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך מער ניט שפּילן מיט זיי, ווען דער לערער רעדט.



— וואָס ווייסט איר וועגן דעם קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור ייִצכאָק־לייבוש פּערעץ? צי האָט איר געלייענט זײַנע לידער פֿאַר קינדער?

# דאָס ייִנגל און זײַן פרײַנט

אַ הונט איז אויך ניט מער ווי אַ לעבעדיקער נעפעש. קוים האָט ער זיך צוגעוווינט צו מײַן ייִנגל, האָט ער אים ליב געקראָגן. מע האָט זיי שטענדיק געזען צוזאמען. און איך האָב מײַן ייִנגל נישט געקענט אָפּרײַסן פון הונט. אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אפן הארצן, האָט מײַן ייִנגל קיינעם נישט פאַר־טרויט. נאָר זײַן פרײַנט, דעם הונט. קוים איז ער נאָר אַהיים געקומען פון דער שול, האָט ער זיך מיטן הונט ארומגעוואַלגערט איבערן גרינעם פעלד פאַר מײַן הויז און האָט אין דעם הונטס אויער אַרײַנגערעדט:

— דו ווייסט, דער לערער האָט אַף מיר הײַנט געשריגן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט שרײַבן דעם טאַטן.

אָדער ער פלעגט אים דערציילן:

— דו ווייסט, דער טאַטע איז אוועקגעפאָרן. ער קומט נישט אַהיים, שרײַבט נישט קיין בריוו. די מאַמע איז זייער טרויעריק.

דערהערנדיק דאָס, האָט דער הונט געקוקט אַף אים מיט האַלבע, פאַר־גלייזטע אויגן. אַראָפּגעלאָזט די אויערן און אָנגעהויבן פלוצלינג צו בילן:

— האַוו־האַוו, האַוו־האַוו, — ווי ער וואָלט זיך אַף וועמען בייזערן.

נאָר מײַן ייִנגל האָט אים פאַרשטאַנען. אַרומכאַפּנדיק דעם הונט באַם קאָפּ, האָט ער זיך אָנגעהויבן מיט אים צו קוליען איבערן גראָז. און זיי האָבן ביידע געשריגן:

— האַוו־האַוו, האַוו־האַוו!

און זיי האָבן ביידע זיך פאַרשטאַנען.

שאָלעם אַש



— צי איז מעגלעך, אַז אַ מענטש און אַ הונט זאָלן זיך פאַרשטיין?
— אויב דו האָסט אַ הונט, דערצייל, וויאַזוי איר כאַוועַרט זיך.

# פּיליפּאָק

## 1

ס׳איז געווען א ייִנגל, מע האָט אים גערופן פּיליפּ. איינמאָל זײַנען אלע קינדער אוועק אין שול. פּיליפּ האָט גענומען דאָס היטל און אויך געוואָלט גיין. די מאמע האָט אים געפרעגט:

— פּיליפּ, וווהין ווילסטו גיין?

— אין שול.

— דו ביסט נאָך קליין, גיי ניט. — און די מאמע האָט אים איבערגע־לאָזט אינדערהיים.

די קינדער זײַנען אוועק אין שול. דער טאטע איז נאָך פון אינדערפרי געווען אין וואלד, די מאמע — אף דער ארבעט. אינדערהיים זײַנען געבליבן פּיליפּאָק און די באָבע.

פּיליפּאָקן איז געוואָרן אומעטיק צו זײַן אליין. די באָבע איז אײַנגע־שלאָפן, האָט ער גענומען זוכן זײַן היטל. ניט געפונען עס, האָט ער אָנגעטאָן דעם טאטנס אלט היטל און איז אוועק אין שול.

די שול איז געשטאנען הינטערן דאָרף לעבן דער צערקווע. ווען פּיליפּ איז געגאנגען איבער זײַן גאס, האָבן די הינט אים ניט גערירט, זיי האָבן אים געקענט, אָבער ווען ער איז ארײַן אין א צווייטער גאס און פארבײַ־געגאנגען לעבן פרעמדע הויפן, איז ארויסגעשפרונגען זשוטשקאָ און אָנגע־הויבן צו בילן. גלײַך נאָך אים האָט זיך באוויזן דער גרויסער הונט וואָל־טשאָק. פּיליפּאָק האָט גענומען אנטלויפן, די הינט האָבן אים נאָכגעיאָגט. פּיליפּאָק האָט אָנגעהויבן שרײַען, ער האָט זיך פארטשעפּעט און איז אומ־געפאלן. ס׳איז ארויס א פּויער, האָט אָפּגעטריבן די הינט און געפרעגט:

— וווהין לויפסטו איינער אליין, דו לאָבוז?

פּיליפּאָק האָט גאָרניט געענטפערט, ער האָט פארשארט די פּאָלעס און גענומען לויפן מיט אלע קויכעס.

## 2

ער איז צוגעלאָפן צו דער שול. אפן הויף איז קיינער ניט געווען, אָבער ס׳האָט זיך געהערט ווי אין דער שול רוישן קינדערשע שטימען. אף פּילי־פּאָקן איז אָנגעפאלן א שרעק: „וואָס וועט זײַן, אויב דער לערער וועט מיך ארויסטרײַבן?״. און ער האָט אָנגעהויבן צו טראכטן, וואָס ער זאָל טאָן. זאָל

ער גיין צוריק — וועלן אף אים ווידער אַנפאלן די הינט, זאָל ער אַרײַנגיין אין שול — האָט ער מוירע געהאט פאַרן לערער.

ס'איז פאַרבײַגעגאנגען א פֿויערטע מיט אן עמער און געזאָגט:

— אלע לערנען זיך, און דו וואָס שטייסט דאָ?

פילִיפאָק איז אַרײַן אין שול.

אין קאָרידאָר האָט ער אראָפּגענומען דאָס היטל און געעפנט די טיר. דער קלאס איז געווען פול מיט קינדער. אלע האָבן עפעס געשריבן, און דער לערער אין א רויטער שאל איז ארומגעגאנגען איבערן צימער.

— ווער ביסטו? — האָט ער זיך אָנגערופן צו פיליפאָקן.

פיליפאָק האָט געשוויגן.

— וואָס, ביסט א שטומער?

פיליפאָק איז געווען אזוי איבערגעשראָקן, אז ער האָט ניט געקאָנט רעדן.

— נו, אויב אזוי, גיי אהיים, אז דו ווילסט ניט רעדן.

פיליפאָק וואָלט זייער געוואָלט עפעס זאָגן, אָבער פון שרעק האָט ער ניט געקאָנט ארויסרעדן קיין וואָרט. ער האָט א קוק געטאָן אפן לערער און זיך צעוויינט.

דאן האָט דער לערער געקראָגן אף אים ראכמאָנעס. ער האָט אים א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געפרעגט בא די קינדער, ווער עס איז דאָס דאָזיקע ייִנגל.

— דאָס איז פיליפאָק, קאָסטיושעס ברודער, ער בעט זיך שוין לאנג אין שול, אָבער די מאמע לאָזט אים ניט, איז ער געקומען אין שול אָן איר וויסן.

3

דער לערער האָט גענומען ווײַזן פיליפאָקן אויס־יעס, אָבער פיליפאָק האָט זיי שוין געוווסט און געקאָנט שוין א ביסעלע לייענען.

— נו, לייען איבער דײַן נאָמען.

— פע — פי, לע — לי, פאָ — אָק...

אלע האָבן זיך צעלאכט.

— א כוואט! — האָט געזאָגט דער לערער. — ווער האָט דיך געלערנט לייענען?

פיליפאָק איז געוואָרן דרייסטער און געענטפערט:

— קאָסטיוש! איך בין א פעיִקער, איך האָב אלץ גלײַך פארשטאַנען, איך קען אלץ זייער גוט!

דער לערער האָט אים געמאכט א באמערקונג און געזאָגט:

— הער זיך אויף צו רימען און נעם זיך צום לערנען.

פון דעמלט אָן האָט פיליפאָק אָנגעהויבן צו גיין גלײַך מיט אלע קינדער אין שול.

לעוו טאָלסטאָי



— פארוואָס איז פיליפאָקן שווער געווען אָנצוקומען זיך לערנען אין שול?

# א דערציילונג וועגן די צײַטן, ווען אָרעמע קינדער פלעגן ניט גיין אין שול, נאָר פרי געמוזט ארבעטן

בעריש האָט געהייסן מאַטקען זיך זעצן און געגעבן אים א שנור מיט א שטיק וואקס, ער זאָל דרייען א דראַטווע. מאַטקע האָט עס גענומען אין האנט און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן דערמיט. ער האָט זיך געשפּילט מיטן פאָדעם און מיט גרויסע אויגן ארומגעקוקט זיך אין שטיבל. ער האָט דערזען די צוויי הויכע בעטן, וואָס שלינגען אײַן דאָס גאנצע שטיבל, אָנגעלייגטע מיט בעטגעוואַנט ביז אין באלקן. ער האָט געקוקט אף די פארשטויבטע בילדער, וואָס הענגען פאר די בעטן; אף די פּאָליצעס, וואָס זײַנען אָנגעלייגט מיט כאָליעוועס, אלטע שטיוול, שטיבלעטן און שטיקער לעדער. ער האָט זיך ארומגעקוקט טשיקאווע אין דער נײַער היים, וואָס אהער האָט מען אים ארײַנגעגעבן אף זעקס יאָר. געקוקט אף זײַנע כאַווײרים — די צוויי ייִנגלעך מיט די געזעלן, וועלכע האקן פּאָדעשוועס. בא די בענקעלעך ווייקט זיך לעדער אין וואסער, וואָס גיט פון זיך ארויס א רייעך. ער האָט געקוקט אף די פענצטערלעך, ווי זיי זײַנען פארקאָוועט אין שפּינוועבס און באלייגט מיט מאָסן, מיט פּאַרמעס און שנורן. און פון דרויסן קריכט די זון, זי גאנוועט זיך אין פענצטערל און וויל אין שטיבל ארײַן, נאָר דאָס שפּינוועבס לאָזט ניט.

באלד האָט ער דערפילט א שטופּ אין א זײַט. ער קוקט זיך אום — לעבן אים איז אויסגעוואקסן די מײַסטערן.

— נא, ברענג וואסער! — האָט זי אים געשטופּט די קאַן אין דער האנט ארײַן.

מאָטקע האָט זיך דערפרייט. ער האָט געכאַפּט די קאַן, געגאַנגען צום ברונעם, געבראכט א קאַן מיט וואסער. די מײַסטערן האָט אים באַוויזן די פּאַס. ער האָט אָנגעגאָסן, ווידער געלאָפן. און ס'האָט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט, איז ער שוין צוריק געווען.

ווידער האָט ער זיך אוועקגעזעצט, געדרייט די דראַטווע, וואָס ער האָט ניט געקאָנט האלטן אין דער האנט צוליב דעם שטיקל וואקס. האָט ער זיך ווידער אומגעקוקט אין שטיבל. איצט האָט אים פאַרינטערעסירט דער שווארצער קאָטער, וואָס איז צוגעבונדן מיט א לאנג שטריקל באַם בעט און דרייט זיך צווישן די פיס פון דער מײַסטערן.

באלד דערפילט ער ווידער א שטופּ אין א זײַט:

— נא, האַק מיר אָן האָלץ! — האָט זי אים געגעבן די האַק אין דער האנט.

מאָטקע האָט זיך גענומען דאָס האָלץ צעהאַקן. דערנאָך האָט ער צוריק אוועקגעזעצט זיך אױפן קליינעם בענקל און ווידער געצויגן די שנור דורך דער וואקס. די מײַסטערן האָט געמאכט פײַער, אוועקגעזעצט זיך באַם קיכל און איז אײַנגעשלאָפן.

אין דער שטוב הערט זיך דאָס קלאַפּן פון דעם האַמערל אױף דער זויל. דער מײַסטער האָרעוועט איבער א שטיוול. אלע זיצן אײַנגעבויגן און פאַר־טראַכט אין דער ארבעט. דער זייגער קלאַפּט טיק־טאַק. מאָטקען איז דאָ דאָס גאנצע שטיבל מיט דעם מײַסטער, מיט דער מײַסטערן פאַרמיִעסט און לאַנג־ווײַליק געוואָרן. ער האָט געקוקט אױפן פענצטער און דערזען, ווי די זון קריכט פון דרויסן, אױף דער צווייטער זײַט פענצטערל. זי וויל זיך ארײַנ־קריגן אין שטיבל ארײַן און קאָן נישט.

מאָטקע האָט זיך פאַרטראַכט.

א שמיץ מיטן רימען איבערן קאָפּ האָט אים דערמאָנט אין דער דראַט־ווע, וועלכע ער האלט אין האנט.

שאָלעם אש



— באַשרײַבט דאָס לעבן פון א לערן־ייִנגל.

# מײַנע כאַווײרים

אזעלכע, וואָס האָבן געקענט לייענען און שרײַבן, זײַנען אין דער קאָמ־פאַניע געווען צוויי — טשורקע און איך. וויאַכיר האָט זייער מעקאַנע געווען אונדז און געוואָרטשעט:

— איך וועל אויך גיין אין שול, כ׳וועל זיך פאַרנייגן ביז צו דער ערד פאַרן לערער און בעטן, ער זאָל מיך אָנעמען. ווען כ׳וועל שוין גוט קענען, וועל איך זיך פאַרדינגען פאַר א גערטנער.

האַרבסטצײַט איז אַף וויאַכירס מאַמע אַרופגעפאַלן א שײַט האָלץ, און מ׳האָט זי אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. טשורקע האָט געזאָגט צו וויאַכירן:

— הײַדאַ, קום צו מיר וווינען, מײַן מאַמע וועט דיך אויסלערנען לייע־נען.

אין א שטיקל צײַט אַרום האָט וויאַכיר, פאַרשײַסנדיק הויך דעם קאָפּ, געלייענט די שילדן:

— באַלאַקיי־געשעפט.

טשורקע האָט אים פאַריכט:

— באַקאַליי־געשעפט, נאַרעלע!

— איך זע, נאָר די אויס׳עס שפּרינגען איבער.

— די אויס׳עס?

— יאָ, זיי שפּרינגען, זיי זײַנען צופרידן, וואָס מע לייענט זיי.

ער האָט אונדז אַלעמען געמאַכט זייער לאַכנדיק און געוווּנדערט אונדז מיט זײַן ליבשאַפט צו ביימער, געוויקסן.

דאָס דאָרף, צעוואָרפן איבער א זאַמד, האָט פאַרמאָגט ווייניק גרינס, בלויז ערגעץ־ווו אין די הויפן זײַנען געשטאַנען איינציקע דאַרינקע ביימ־לעך, קרומע קוסטעס בעז, און לעבן די פּאַרקאַנעס האָבן זיך פאַרשעמטער־הייט באַהאַלטן גרויע טרוקענע גרעזלעך; אויב עמעצער פון אונדז האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף זיי, פלעגט וויאַכיר בייז וואָרטשען:

— נו, פאַרוואָס מאַכט איר א טעל פונעם גראָז? בעסער וואָלט איר זיך געזעצט אין א זײַט...

אין זײַן אָנוועזנהײַט האָט מען ניט געהאַט קיין האַרץ אָפּצוברעכן א פּיצל קוסט, אָפּרײַסן א בל׳ענדיק צווײַגל בעז, אָדער אָפּשנײַדן א ריטל פון

א ווערבע אפן ברעג פון דער אָקא. ער האָט זיך שטענדיק געוווּנדערט, קוועטשנדיק מיט די אקסלען און צעפירנדיק מיט די הענט:

— וואָס ברעכט איר אלץ?

און אלע האָבן זיך פארשעמט.

מאקסים גאָרקי



— וויאזוי האָט וויאכיר זיך אויסגעלערנט לייענען?



# װעגן יױשער און גערעכטיקײט

## פּאָעמע פֿון אַלע פּאָעמעס

פּאָעמע פֿון אַלע פּאָעמעס:
דער עמעס.
דער עמעס.
דער עמעס.
די ליד פֿון אַלע לידער:
דער עמעס
װידער און װידער.
דער הימן פֿון אַלע הימנען:
דער עמעס —
פֿון דר׳ערד ביז די הימלען.
ס׳געזאַנג פֿון אַלע געזאַנגען:
דער עמעס,
װאָס גײט אין גערױַנגל.
סימפֿאָניע פֿון אַלע סימפֿאָניעס:
דער עמעס
אױף אונדזערע פֿאָנען!

ארן װערגעליס



— פֿאַרװאָס רופֿט אָן דער דיכטער דעם עמעס — פּאָעמע פֿון אַלע פּאָעמעס?

# דאָס טײַערסטע פון אלץ

א פייגעלע איז געשטאַנען אף א בוים, א יעגער האָט געצילט אין דעם און עס שטארק פארווונדעט.

איז אן אלטיטשקע צוגעגאנגען צום פייגעלע און געזאָגט:

— גיב מיר אָפּ דאָס, וואָס איז דיר טײַערער פון אלץ, וועל איך דיך צוריק געזונט מאכן.

„וואָס קאָן זײַן טײַערער פון דעם לעבן? — טראכט דאָס פייגעלע. — ווײַזט אויס, די אלטע פרוי טרײַבט מיט מיר קאַטאָוועס".

— גוט, — זאָגט דאָס פייגעלע, — איך גיב דיר אָפּ דאָס טײַערסטע פון אלץ, אבי הייל מיך אויס.

די אלטיטשקע האָט מיט איר ציטערדיקער האנט אָנגערירט דאָס פאַר־ווונדעטע אָרט, איז עס באלד פארהיילט געוואָרן. דאָס פייגעלע האָט א פאָכע געטאָן מיט די פליגעלעך אוועקצופליִען.



— וואַרט, מײַן טײַער פּייגעלע, — האָט די אלטיטשקע געזאָגט, — גיב מיר אָפּ דאָס, וואָס איז טײַערער פון אלץ.

— וואָס זאָל איך דיר אָפּגעבן? — האָט דאָס פייגעלע געפרעגט.

— דײַנע פליגעלעך, — האָט די אלטיטשקע געענטפערט.

— דאָס קאָן איך ניט! — האָט אויסגערופן דאָס פייגעלע, — בעסער דער טויט, איידער צו לעבן אָן פליגעלעך! ווי וועל איך פליִען אף דער פרײַ?

— נו, פלי דיר געזונטערהייט! — האָט די אלטיטשקע געזאָגט, — נאָר פון הײַנט און אף ווײַטער זאָלסטו געדענקען, אז דאָס טײַערסטע פון אלץ איז אויך טײַערער אפילו פונעם לעבן.

דאָס פייגעלע האָט צעשפּרייט די פליגעלעך און זיך אופגעהויבן אין דער הייך מיט א געזאַנג:

— „פרײַהײַט איז טײַערער פונעם לעבן”.

לעוו טאָלסטאָי



— צי איז פרײַהײַט טײַערער פונעם לעבן בלויז בא די פייגל? וואָס וואָלט וועגן דעם געזאָגט א מענטש?

# דער פאָטער און די זין

א פאָטער האָט געהאַט פינף זין. די זין האָבן ניט געלעבט גוט צווישן זיך און זיך אלעמאָל געקריגט. דער פאָטער האָט זיי פיל מאָל געוואָרנט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן.

איינמאָל האָט דער פאָטער גענומען א בעזעם, וואָס איז געמאַכט געווען פון א סאַך ריטלעך. ער האָט צוגערופן די קינדער און געזאָגט צום עלטסטן:

— נעם ברעך איבער דעם בעזעם.

דער עלטסטער זון האָט געפּרוּווט, אָבער ניט געקאָנט.

— עפשער קאָנט איר איבערברעכן דעם בעזעם? — האָט דער פאָטער געזאָגט צו די אנדערע זין.

אלע האָבן געפּרוּווט, אָבער זיי האָבן ניט געקאָנט.

דעמלט האָט דער פאָטער צענומען דעם בעזעם אף באזונדערע ריטלעך און געזאָגט:

— עפשער קאָנט איר איצט צעברעכן די ריטלעך?

די זין האָבן איבערגעבראָכן ריטל נאָך ריטל.

— אזוי וועט זײַן מיט אײַך: אויב איר וועט זיך האלטן אינאיינעם, וועט אײַך קיינער ניט קאָנען טאָן שלעכטס. טאָמער אָבער וועט איר זיך קריגן און לעבן באזונדער, וועט אײַך יעדערער קאָנען טאָן שלעכטס.

לעוו טאָלסטאָי



— וויאזוי האָט דער פאָטער דערקלערט זײַנע זין, זיי זאָלן זיך האלטן אינאיינעם?

— צי האלט איר זיך אינאיינעם, ווען מע דארף טאָן א גוטע זאַך?

# צוויי כאַווערים

אין א וואלד זײַנען געגאנגען צוויי כאַווײרים, איז ארויסגעשפּרונגען אף זיי א בער. איינער האָט זיך געלאָזט לויפן, איז ארופגעקראָכן אף א בוים און האָט זיך באהאלטן, און דער אנדערער איז געבליבן אף דעם וועג. אנטלויפן איז שוין געווען שפּעט, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אף דער ערד און זיך פארשטעלט פאר א טויטן.

דער בער איז צוגעגאנגען צו אים און אָנגעהויבן שמעקן: דער מענטש האָט אופגעהערט צו אָטעמען. דער בער האָט א שמעק געטאָן דאָס פּאָנעם, געמיינט, אז דער מענטש איז טויט, און איז אוועקגעגאנגען.

ווען ס׳איז אוועק דער בער, איז דער ערשטער אראָפּגעקראָכן פונעם בוים און זיך צעלאכט:

— נו, וואָס האָט דיר דער בער געזאָגט אפן אויער?

— ער האָט מיר געזאָגט, אז שלעכטע מענטשן זײַנען אזעלכע, וואָס אנטלויפן פון די כאַווײרים אין א געפאר.

לעוו טאָלסטאָי



— וואָס פאר אן אויספיר קאָן מען מאכן פון דעם דאָזיקן מײַ־סעלע?

— מאָלט אָן דאָס בילד, וויאזוי ביידע כאַווײרים האָבן זיך גע־טראָפן אינעם וואלד מיט א בער.

# דער גערעכטער און דער שלעכטער

איינמאָל איז א פוקס געקומען צו א ברונעם. איבער דעם ברונעם איז געהאנגען אן עמער.

דער פוקס איז זייער דאָרשטיק געווען, האָט ער זיך ארײַנגעזעצט אין עמער און אראָפּגעלאָזט זיך אין ברונעם. פון דעם ברונעם האָט דעמלט זיך אופגעהויבן א צווייטער עמער.

דער פוקס האָט זיך אָנגעטרונקען, אָפּגעקילט זיך, און ער וויל ארויס פונעם ברונעם, — קאָן ער ניט. קעדיי ער זאָל זיך אופהייבן, מוז דער צוויי־טער עמער אראָפּ אין ברונעם.

דערווײַל גייט פארבײַ א וואָלף, דערהערט ער, אז עמעצער איז אין ברו־נעם. לויפט ער צו און דערזעט דעם פוקס.

— הא, דו ליגנערוק. האָסט געוויס פאַרנאַרט אַ לעמעלע און ווילסט עס אַליין אופּרעסן. אַנו, גיב עס אַהער!

אַזוי שרײַט אויס זשעדנע דער וואָלף. דער פוקס האָט דאָס דערהערט — צעמעקעט ער זיך ווי אַ לעמעלע: „מע־מע, מע־מע, דער וואָלף זאָל מיך נעמען!"

האָט דער וואָלף גיך זיך אַרײַנגעזעצט אינעם הענגענדיקן עמער און מיטאַמאָל אַ פּראַל געטאָן אין ברונעם ביז צום וואַסער. — דער עמער האָט גלײַך מיטן פוקס געטאָן אַ פלי אַרויף, און אָט שטייט שוין דער פוקס אויף דער ערד.

ווען דער וואָלף האָט דערזען, אַז ער איז געבליבן צום נאַר, האָט ער אויסגעשריגן:

— פאַרוואָס קומט עס מיר, דו ליגנער!

האָט דער פוקס אים געענטפערט מיט געלעכטער:

— פון קלעם ווערט באַפרײַט דער גערעכטער,
און זײַן אָרט פאַרנעמט דער שלעכטער.

לייב קוויטקאָ





— ווער איז דאָ דער גערעכטער און ווער — דער שלעכטער? פאַר־וואָס?

# ווי־אזוי צעקריגט מען זיך?

צוויי אלטע לײַט האָבן היפּשע עטלעכע יאָר שוין געוווינט צוזאַמען. מע האָט ווייניק צו טאָן געהאַט מיט דער וועלט — געפלאָכטן קוישלעך פון לאָזע, פאַרקויפט זיי. וואָס זשע נאָך דאַרפן אַלטע מענטשן, אַז מע האָט אַ שטיקל ברויט און אַ ביסעלע צום ברויט? האָט מען זיך געלעבט שטיל, מיס־טאָמע פאַר אַלע יאָרן האַנאָע געהאַט פונעם לעבן. און עפּשער איז מען פון שטענדיק געווען שטילע, גוטע מענטשן. נאָר ס׳איז זיי אַמאָל געוואָרן אור־מעטיק, האָט איינער פון זיי געזאָגט:



— מענטשן, אַז מע וווינט נאָך דערצו אונטער איין דאַך, אין איינע פיר ווענט, מע קאָכט אָט־אָ, ווי מיר, די קאַרטאָפל אין איין טאָפּ, — טוט מען זיך אַמאָל אַ קריג. איז עפּשער גאָר רעכט, מיר זאָלן זיך אויך כאָטש איין מאָל צעקריגן און זען, וועלכע מיר זײַנען דעמלט?

ענטפערט דער צווייטער:

— איך פאַרשטיי ניט זייער, צוליב וואָס מע דאַרף דאָס, נאָר ווילסט פּרוּוון — מאַכטייסע. אָט שטייט די נײַע טשאַשקע אויפן טיש, וועל איך באַלד זאָגן, אַז זי איז מײַנע, און דו זאָג, אַז ניט, דו ווילסט ניט, און מײַנע וועט זײַן די אַלטע, די אָנגעשטשערבעטע. נו, אָט זאָג איך: דאָס איז מײַן טשאַש־קע, די דאָזיקע, מיט די קווייטלעך?

— דײַנע? — האָט זיך אָנגערופֿן דער צווייטער, וואָס האָט פֿאַרפֿירט די רייד וועגן א קריג. — זי געפֿעלט דיר? מיילע, רעכן, אז זי איז דײַנע... מע האָט זיך אויך דאָס מאָל ניט צעקריגט.

יעכיעל פאליקמאן



— פֿאַרוואָס האָבן די ברידער זיך ניט געקאָנט צעקריגן?



## זײַ א גוטער

ווען איך זע, אן אלטער גייט,
גייט און שטייט מער, ווי ער גייט.
אונטן — שניי, א שניי עס פאלט,
ס׳איז דער אלטער זייער אלט,
באם אריבערגיין דעם ראָג
רעכט צו שטיין א האלבן טאָג.

אזא אלטן איך דעריאָג,
פיר אים דורך און אים באווײַז,
אז ניט שרעקלעך איז דאָס אײַז,
אז ער איז ניט אזוי אלט,
אז ווער ס׳היט זיך, יענער פאלט.

שמועל האלקין



— מאָלט אָן אן אלטן מענטשן און וויאזוי א יינגל העלפט אים אריבערגיין דעם ראָג.

# די קרוג מיט מילך

א יונגע פויערטע איז געגאנגען אפן וועג און געטראָגן א קרוג מיט מילך אפן קאָפּ.

דער טאָג איז געווען א שיינער. איז די פויערטע געגאנגען און גע־טראכט:

— איך וועל היינט פארקויפן די מילך. פארן געלט וועל איך קויפן אייער. די צאָל אייער, וואָס איך וועל קויפן, וועט באטרעפן בא דריי הונ־דערט.

— אף די אייער וועל איך אוועקזעצן הינער. און זאָל אפילע א טייל אייער קאליע ווערן, וועל איך האָבן ביז צוויי הונדערט פופציק הינדעלעך.

— די אלע הינדעלעך וועל איך האָדעווען. אז זיי וועלן ווערן גרויס, וועל איך זיי פארקויפן פאר גוט געלט. פארן געלט וועל איך זיך קויפן א נײַ קלייד. איך וועל קויפן א גרינע קלייד, ווײַל גרין איז מיר בעסער צום פּאָנעם.

— אין דער נײַער גרינער קלייד וועל איך זיך אויספּוצן און וועל גיין צו די שכיינים אף א פארוויילונג. דאָרט וועלן אלע צוגיין צו מיר און בעטן,



איך זאָל מיט זיי טאַנצן. איך וועל זיך אָבער לאָזן בעטן און שאָקלען מיטן קאָפּ אַף ניין.

די פּויערטע איז געווען שטאַרק אַרײַנגעטאָן אין דער פּאַרוויילונג, זי האָט אַזש פאַרגעסן, אַז זי טראָגט אַ קרוג מיט מילך אַפן קאָפּ און אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ אַף „ניין".

דער קרוג איז אַראָפּגעפאַלן און זיך צעבראָכן.

די מילך האָט זיך אויסגעגאָסן, און דאָס גאַנצע קומענדיקע גליק פון דער פּויערטע איז פאַרשוווּנדן. זי איז געבליבן אָן אייער, אָן הינער און אָן אַ נײַ קלייד.

פּאָזע



— פאַרוואָס איז אַ ראַכמאָנעס אַף דער יונגער פּויערטע, וואָס האָט זיך פאַרטראַכט און אויסגעגאָסן די מילך פונעם קרוג?

# 9 כעלמער כאַכאָמים

נײַן כעלעמער זײַנען געגאַנגען זיך באָדן אין דעם כעלעמער טײַך. ווען זיי האָבן זיך גוט אויסגעבאָדן און אַרויס פונעם וואַסער, האָבן זיי מוירע געהאַט, טאָמער האָט זיך, כאָלילע, עמעצער דערטרונקען. האָט איינער גענומען איבערציילן, צי אַלע זײַנען דאָ. געציילט: ניט איינס, ניט צוויי, ניט דרײַ און אַזוי ווײַטער. שלעכט. ס'זײַנען דאָ אַכט.

אַלע קוקן זיך איבער. יעדערער דערקענט זיך, אַז ער איז פאַראַן. געווען זײַנען זיי נײַן, און איבערגעציילט האָט מען אַכט.

ס'האָט אַ צווייטער גענומען ציילן, איז ווידער אויסגעקומען אַכט.

זיצן זיי, די כעלעמער, אַפן זאַמד באַם ברעג טײַך און וויינען.

איז אַדורכגעגאַנגען נאָך אַ כעלעמער, פרעגט ער זיי, וואָס זיי וויינען. דערציילן זיי אים די גאַנצע מײַסע.

האָט ער זיי איבערגעציילט און זיך צעלאַכט:

— נאַראָנים! עס פעלט פון אײַך קיינער ניט, איר זײַט דאָך פאַראַן אַלע נײַן.

— זײַ ניט קיין קלוגער. מיר האָבן אַלע געציילט, איז אויסגעקומען אַכט, און ער איינער האָט איבערגעציילט, איז שוין גאָר נײַן.



— ווייסט איר וואָס? — האָט יענער זיך אָנגערופֿן. — זאָל יעדערער פֿון אײַך אַרײַנשטעקן זײַן נאָז אין זאַמד אַרײַן, דערנאָך וועט מען איבער־ציילן די לעכער, וועט איר וויסן אַף זיכער, וויפֿל איר זײַט דאָ...

— גוט! — האָבן אַלע כעלעמער אויסגעשריגן און אַזוי טאַקע געטאָן. זיי האָבן אַרײַנגעשטעקט די נעז אין זאַמד אַרײַן, דערנאָך איבערגעציילט די לעכער, איז געווען נײַן. ערשט דעמלט האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אַז זיי זײַנען פֿאַראַן אַלע נײַן.

## לויף און קויף

געזאָגט האָט די באָבע:
— דו ווילסט זײַן אַ גוטער?
איז לויף אין דער קראָם
און קויף מיר דאָרט פּוטער.

— פּוטער דיר קויפֿן?
אָט שוין וועל איך לויפֿן!
אָט וועל איך געפֿינען
די הענטשקעס, דאָס היטל,
אַ שלײַף טאָן די גליטשערס,
פֿאַריכטן דעם שליטן —
און גלײַך וועל איך לויפֿן
פּוטער דיר קויפֿן.



נאָר ווּ איז דער שלײַף־שטיין,
די צוועקעס, די צוואַנגע?
האָסט, באָבע, געזאָגט,
דו וועסט קויפן, וועסט ברענגען!

— געזאָגט, יאָ, געזאָגט —
נאָר דער קאָפּ איז פאַרטראָגן.
אָט לויף איך אין קראָם
און איך ברענג דיר צו טראָגן.

— נאָר זאַם זיך ניט, באָבע,
און זאָלסט ניט פאַרגעסן
פּוטער צו קויפן —
איך וויל טאַקע עסן!

אבֿרהם גאָנטאַר



# פאַרן פרידן צאָלן מיר די גרעסטע פּרײַז

## פון וואָס הייבט זיך אָן דאָס היימלאַנד

און ווו איז דער אָנהייב פון פאָטערלאַנד?
דאָס היימלאַנד הייבט אָן זיך פון וואָס?
פון זוכן דעם אלעף אין אלעפבייס.
פון ערשטן פארלאנג און פארדראָס.

און עפשער די מאמע באם וויגעלע —
דער אָנהייב פון היימלאנד זי איז.
דער אָנהייב איז עפשער דאָס ריטשקעלע,
וואָס ליכטיק און סוידעסדיק פליסט.

און ווו איז דער אָנהייב פון פאָטערלאַנד?
באָם הילצערנעם טויער לעם הויז.
בא יענער בערעזקע, וואָס שפּילעוודיק
אליין אינעם פעלד איז ארויס.

און עפשער דער אָנהייב פון היימלאַנד איז
די ליד פונעם פויגל אין סאָד.
דער אָנהייב איז עפשער דאָס שטעגעלע,
אין האסטיקן טײַכל דער בראָד.

און ווּ איז דער אָנהייב פון פּאָטערלאַנד?
פון דעם, וואָס עס טוט אַזוי באַנג.
פון טאַטנס גערעמער בודיאָנאָווקע,
וואָס ליגט אינעם אַלטינקן שראַנק.

און עפּשער דער אָנהייב פון היימלאַנד איז
דער וועג, וואָס איז שווער אין אַ נויט.
די ערשטע אין לעבן געזעגעניש,
די שווּע אויף לעבן און טויט.

און ווּ איז דער אָנהייב פון פּאָטערלאַנד?

מיכאַיל מאַטוסאָווסקי





— צי איז אײַך באַקאַנט די מעלאָדיע פון דער דאָזיקער רוסישער לידז? אויב יאָ, פּרוּווט זי זינגען אויף ייִדיש.
— ווי אַזוי הייסט דאָס לאַנד, ווּ איר לעבט? און די שטאָט, ווּ איר זײַט געבוירן געוואָרן? די גאַס, ווּ איר וווינט? און דער טײַך, אויף וועלכן עס שטייט אײַער שטאָט?

# מײַן שטוב

אז איך הייב אָן אײַנדרעמלען, ווערט אין מיר אַלץ פּאַמעלעך אײַנגעשלאָפֿן. דער טיש איז צוגעקליבן, די טיר פֿאַרשפּאַרט, די לאָמפּן אויסגעלאָשן. דעמלט דוכט זיך מיר, אַז די שטוב שלאָפֿט שוין אויך. נאָר עס איז ניט עמעס.

עפּעס איינמאָל האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט אינמיטן נאַכט און זיך געגנומען צוהערן צו דער שטילקייט.

און דאָ האָב איך פּלוצעם דערפֿילט, אַז מײַן שטוב איז אַפֿילו אין דער שלעפעריקייט פֿון טיף נאַכט פֿול מיט לעבן. די עלעקטרישע דראָטן זײַנען אָנגעלאָדן מיט שטראָם. די טרויבן פֿון דער וואַסערלייטונג זײַנען אָנגעדראָלן, פֿול מיט וואַסער. טו אַ ריר דעם אײַנשליסער — ווערט ליכטיק אין שטוב, טו אַ דריי אַ קראַן — און ס'וועט אַ זעץ טאָן אַ שטראָם. די פּליטע שטייט אָפּן גאַז, די וואַנע אויך. פֿון די באַטאַרייען איז אָפּגערעדט, אַז זיי זײַנען פֿול מיט הייס וואַסער, ווי די גרויסע אָנגעהייצטע אויוונס און עטעמען מיט וואַרעמקייט פֿאַר דער גאַנצער שטוב.



מײַן ראַדיאָ וואַרט, איך זאָל נאָר א דריי טאָן איין רעדעלע, וועט זי מיר דערציילן, וואָס עס טוט זיך אין עק וועלט. דער טעלעפאָן — קוים עפּעס־וואָס, קאָן ער מיך א רוף טאָן אפילע אינמיטן דער נאַכט. דאָס עלעקטרישע גלעקל שלאָפט אויך ניט. באַם מינדסטן דרוק פון דרויסן וועט עס זיך צע־קלינגען און אָנזאָגן, אז א גאַסט גייט. ביידע זייגערס (דער, וואָס אין טאַש, און דער, וואָס אף דער וואַנט) גייען א קײַלעכדיקן מעסלעס און הערן ניט אוף צו ציילן און צונויפלייגן רעגע צו רעגע.

און דאָ, אין דער שטילער וואַרעמקײַט, שטייען אף די פּאָליצעס טיף פאַרקלערט פאַרשיידענע ביכער מיט שטענדיק וואַכן זיקאָרן. טאָמער האָב איך עפּעס פאַרגעסן, צי כ׳וויל זיך עפּעס־וואָס דערוויסן, דאַרף איך, אויב איך וויל, אופמישן א בוך אף דעם געהעריקן זײַטל און אָפּנעמען דעם ענט־פער אף מײַן פראַגע.

ניין, די שטוב מײַנע איז שטענדיק וואַך. בלויז מיך דאַרף מען וועקן, ווען איך שלאָף.

אלע, אלע זײַנען גרייט צו דינען — די טרויבן, די דראָטן, די דינע אַנטענע און דער ווענטיליאַטאָר. אלע זײַנען זיי מיר געוואָרן נעענטער ווי ווען־עס־איז. און איך האָב א טראַכט געטאָן:

ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי, אז איך בין דאָ באַלעבאָס. איך בין מער ניט ווי א מענטש, און מײַן שטוב מיט איר גאַנצער הויז־ראָד העלפן מיר זײַן דאָס, וואָס איך וויל...

**איציק קיפּניס**



— באַשרײַבט אײַער אייגענע שטוב און ווי־אַזוי פילט איר זיך אין איר, ווען ס׳איז שאָלעם אף דער וועלט.

# עס לעבט דער באַטאַליאָן

פרײַנט! ס'איז אומגעקומען אונדזער באַטאַליאָן,
נאָר איך און דו — מיר אָטעמען און שיסן.
און ס'טאָר דער סוינע אונדזער סאָד ניט וויסן —
איז העכער, פרײַנט מײַנער, הייב אויף אָף בארג די פאָן!

די היישעריקן מיינען,
אַז עס באַשיצט די הייך
אַן אויסגעפּרוּווטע מייע,
אַ פעסט געשטאַלטער קוייך.

פרײַנט! בא אונדזער קוילנוואָרפער לעבט דער באַטאַליאָן!
מיט אויגן אָפענע די טויטע שפּירן,
ווי מיר, די לעבעדיקע, אין געפאַר זיך פירן —
איז העכער, פרײַנט מײַנער, הייב אויף אָף בארג די פאָן!

די היישעריקן פויזען...
דאָס שוויַיגן פון דער נאַכט,
איך שווער דיר, מוז זיי אויסזען
נאָך שרעקלעכער פון שלאַכט.



פרײַנט! גייסט אָפּ מיט בלוט, נאָר ס׳קעמפּט דער באַטאַליאָן!
דער באַרג איז אונדזערער! איך וויל, זײַן הייסער שטיין זאָל
צו רוימען אופהייבן א דענקמאָל
דעם העלד, וואָס ניט ארויסגעלאָזט האָט אונדזער פאָן!

די פאָן אין הימל וויגט זיך,
זי פירט, זי רופט, זי מאָנט,
זי רימט די טויטע קריגער —
עס לעבט דער באַטאַליאָן!

ארן ווערגעליס



— וויאַזוי קאָן דאָס זײַן, אַז אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטן, וואָס איז אומגעקומען, לעבט נאָך און זעצט פאָר צו קעמפן?



# מילכאָמע

— אַ, מאמע, כ׳וויל א ביסל מילך,
ס׳איז טרוקן מיר מײַן גומען.
— מײַן קינד, א בייזער סוינע האָט
די אלע קי פארנומען.
— אַ, גיב מיר, מאמע, ברויט א ביס,
דעם הונגער מיר צו שטילן.
— ניטאָ, מײַן קינד, א וואסער האָט
פארטרונקען אלע מילן.
א וואסער — ווילד, א וואסער — רויט
האָט זיי אראָפּגעטראָגן.
און אלע מילנער זײַנען איצט
אוועק אין פעלד זיך שלאָגן.
— טאָ וווּ זשע איז דער טאטע איצט,
ער זאָל אונדז עסן קריגן?
— דער טאטע איז אוועק מיט זיי
דעם סוינע צו באזיגן.

אווראָם רייזען





— וויאזוי ווערט דאָ געשילדערט דער אָנהייב פון א מילכאָמע, געזען מיט די אויגן פון א קינד?

# דער טאָג פון ניצחון

דער ניצחון איז אונדז אָנגעקומען שווער,
קוים דערגאַנגען איז די ליכט זײַנע אהער.
אױף די וועגן, דורכגעאַקערטע מיט בלײַ,
צוגעצײַלט מיר האָבן אונדזער נײַנטן מײַ.

טאָג פון דעם ניצחון
שמעקט מיט בלײַ אַזוי,
אָט דער יאָמטעוו —
ער איז יונג און ער איז גרוי,
אָט דעם יאָמטעוו
פרייד און טרערן איך פאַרטרוי —
דעם ניצחון!
דעם ניצחון!
דעם ניצחון!



ס׳האָט דאָס ראַטנלאַנד ניט צוגעמאַכט קיין אויג,
זיך געשלאָגן ווי מע דאַרף און ווי עס טויג.
באַ מאַרטענעז, אין די נעכט און אין די טעג,
צום ניצאָכן האָבן מיר פאַרקירצט דעם וועג.



מאמע, קום ארויס, ניט אלע דײַנע זין
װעלן נאָכן זיג דאָ שטײן אונטער דער זון.
דורך אײראָפּע דורכגעטראָגן זיך אַן שרעק,
צום ניצאָכן האָבן מיר פאַרקירצט דעם װעג.
טאָג פון ניצאָכן
שמעקט מיט בלײַ אַזױ,
אָט דער יאָמטעװ —
ער איז יונג און ער איז גרױ,
אָט דעם יאָמטעװ
פרײד און טרערן איך פאַרטרױ —
דעם ניצאָכן!
דעם ניצאָכן!
דעם ניצאָכן!

װלאדימיר כאריטאָנאָװ



— פארװאָס זאָגט מען װעגן דעם טאָג פון ניצאָכן איבערן דײַ־טשישן פאַשיזם, אַז דאָס איז אַ יאָמטעװ, װעלכער איז י ו נ ג און ג ר ו י?

# אלע מענטשן זײַנען ברידער

װײַסע, ברױנע, שװאַרצע, געלע,

מישט די פאַרבן אױס צוזאַמען!
אַלע מענטשן זײַנען ברידער,
פֿון אײן טאַטן, פֿון אײן מאַמען!

אַלע מענטשן זײַנען ברידער —
שװאַרצע, װײַסע, ברױנע, געלע.
אַנדערש זײַנען נאָר די פאַרבן.
די נאַטור — זי איז די זעלבע.

יצחק־לײבוש פּרץ






— מאָלט אָן קינדער מיט פאַרשײדענער פאַרב פֿון דער הױט, װי זײ האַלטן זיך פֿאַר די הענט און פאַרװײַלן זיך צוזאַמען.

# קינדער פון א סאך פעלקער

ביז איצט דערציילט מען אין אוזבעקיסטאַן א געשיכטע, וועלכע קלינגט, ווי א לעגענדע, כאָטש קיין איין וואָרט אין איר איז ניט אויסגעטראַכט. א געשיכטע וועגן דעם פאַשעטן שמיד פונעם קאָלווירט אף ערנסט טעלמאַנס נאָמען שאַאַכמעד שאַמאַכמודאָוון און זײַן פרוי באַכריכאַן אַקראַמאָווע. זיך דערוווּסט, אַז אינעם נאָענטן קינדערהיים געפינען זיך עוואַקויִרטע קינדער, איז שאַאַכמעד־אַגאַ געקומען אַהין און געבעטן, מע זאָל אים געבן אף דער־ציִונג א קינד. מע האָט אים אַרײַנגעפירט אין צימער, און זײַן בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אפן סאַמע בלייכן, סאַמע מאָגערן, הויט און ביינער. ווען מע האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן גראָד אָט דאָס ייִנ־געלע, וואָס מע ווייסט ניט, צי עס וועט נאָך לאַנג ציִען, האָט ער געזאָגט:

— אונדזער כּיוון איז אָפּראַטעווען אַלע קינדער.

שאַאַכמעד־אַגאַ האָט זיך שוין געקליבן אַוועקגיין מיטן ייִנגעלע, ווען ס'איז פּלוצעם צו אים צוגעגאַנגען נאָך איין יאַטל:

— פעטער, נעמט אויך מיך, איך וועל זײַן א גוטער, כ'וועל אײַך אין אַלצדינג העלפן!

האָט ער דאָס יאַטל אויך גענומען. דערנאָך איז ער ווידער געקומען אין קינדערהיים נאָך נײַע דערצויגלינגען. זײַן מישפּאָכע איז געוואַקסן. מע האָט זי גערופן: „א גאַנצער אינטערנאַציאָנאַל״: עס זײַנען געוואַקסן אין איר קינדער — רוסישע, אוזבעקן, א ציגײַנערל, א טאָטער, א טשוּוואַש, א ווײַסרוס, אַן אוקראַיִנער, א קאַזאַכיש מיידעלע, א מאָלדאַוויש קינד און א ייִדיש קינד. פערצן קינדער! אינגיכן האָבן אַלע שוין גערעדט אף אוזבע־קיש. נאָך דער מילכאָמע זײַנען צוגעקומען נאָך צוויי קינדער — איז שוין געוואָרן זעכצן. און שאַאַכמעד־אַגאַ מיט זײַן באַכריכאַן־אַטאַ האָבן אַלעמען אַוועקגעשטעלט אף די פיס, געגעבן זיי א גוטע דערציִונג...

כאַיִם ביידער



— וואָס פאַר א העלדנטאַט זײַנען באַגאַנגען שאַאַכמעד שאַמאַכ־מודאָוו און באַכריכאַן אַקראַמאָווע? צי ווייסט איר נאָך אַזעלכע געשיכטעס, וויאַזוי מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן לעבן ווי איין פרײַנטלעכע מישפּאָכע?

# קינדער זײַנען קליגער

„מאמע, איך וויל דיך עפּעס פרעגן.
איך טראַכט און טראַכט
און קאָן עס ניט פאַרשטיין —
צו וואָס דאַרפן מענטשן
נעמען ביקסן און אין מילכאָמע גיין?
איינער קען אפילע ניט דעם צווייטן,
אָבער איינער דעם צווייטן גייט טייטן.

א סאך קליגער זײַנען שוין די קינדער —
אז זיי שפּילן אין מילכאָמעס,
איז דאָס בלויז אף קאַטאָוועס,
מע שיסט מיטן מויל: בינג! בענג!
אייניקע פאַלן קלוימערשט טויט —
ס'איז מילכאָמע אָן דעם מאַלכאַמאָוועס".

די מאמע זיצט פאַרטראַכט
מיט טרערן אין די אויגן,
מיט א שמייכל אפן פּאָנעם.
„מײַן קינד, ביסט קלוג ווי דער טאָג!
ווען די גרויסע וואָלטן דאָס פאַרשטאַנען,
וואָלט געווען אויס מילכאָמע און אויס סאָנים.
ס'וואָלט געווען א טאָלק, —
פאַרברידערט פאָלק מיט פאָלק,
ליבע און שאָלעם — א געראַטענער צווילינג,
און אף דער וועלט — אייביקער פרילינג".



מוישע שיפּריס





— פאַרוואָס האָט די מאמע געזאָגט, אַז איר קינד איז קלוג ווי דער טאָג?

# הײמלאַנד מײַנס



באַ פֿרעמדע טײַכן כ׳האָב ניט אײן מאָל
די ערד געליבט, װוּ ס׳װאַסער פֿליסט.
נאָר אױב איך האָב אַ טײַך, אַ הײמלאַנד,
איז דאָס די װאָלגע אַף געװיס.

מיר האָבן נאָך ניט אַלץ דערװאָרבן,
דאָס לעבן איז ניט שטענדיק זיס.
נאָר אױב אָן עפּעס כ׳װאָלט געשטאָרבן,
איז דאָס מײַן הײמלאַנד אַף געװיס.

װער ס׳לעבט אַ סאַך, און װער ס׳לעבט װײניק,
די צײַט אַ גוטע מאַמע איז.
נאָר אױב ס׳איז טאַקע עפּעס אײביק,
איז דאָס מײַן הײמלאַנד אַף געװיס.

איך האָב געזײט שױן און געאַקערט,
און אַלעמאָל די פּרוכט איז זיס.
נאָר אױב ס׳איז עפּעס אײביק טאַקע,
איז דאָס מײַן הײמלאַנד אַף געװיס.

דאָרט כ׳בין געװען און דאָ געשטאַנען,
פֿון רײַפֿע װײַנגערטנער געניסט.
נאָר אױב ס׳װעט עמעץ מיך דערמאָנען,
איז דאָס מײַן הײמלאַנד אַף געװיס.

יעװגעני יעװטושענקאָ



— שרײַבט אַרױס די װערטער, װעלכע גיבן איבער די געפֿילן, װאָס דער אװטאָר האָט צום הײמלאַנד.
— פֿון װאָס איז צו זען, אַז עס גײט אַ רײד װעגן אונדזער סאָװעטישן הײמלאַנד?

# אין א ווארעמען פרימאָרגן

די קליינע מיידעלעך, מיט שלייפּלעך אין די האָר, אין קורצינקע, קווייטלדיקע קליידעלעך, זײַנען שטיין געבליבן בא מײַן פענצטער. איינס לעבן ס׳אנדערע — דרײַ צעשטראַלטע פּנעמלעך. דינע פינגערלעך האָבן געשקראַבעט די שויב, ווי עס טוט א בסורע־פייגעלע:

— דיאַדיאַ, איר האָט געהערט?..

כ׳האָב שוין געהאַט געהערט, כ׳האָב שוין געוווּסט, נאָר כ׳האָב אופגעפּראַלט דאָס פענצטער און געוואָלט הערן נאָכאַמאָל:

— וואָס? ווו?

די מיידעלעך ווען ערשט אין א יאָר ארום גיין אין ערשטן קלאַס און זייערע מײַלעכלעך האָבן אזוי היימיש ארויסגערעדט ווערטער, וועלכע מײַן אַלטע מאַמע קאָן נאָך רעכט ניט מאַסיג זײַן: קאָסמאָס... ראַקעטע...

זיי זײַנען אוועקגעלאָפן ווײַטער, אָפּטראָגן די בסורע צו א צווייטן פענצטער. ניט אוועקגעלאָפן — אוועקגעפלויגן, אופגעהויבן זיך איבער דעכער, איבערביימער, הויך־הויך, איבער דער וועלט.

אזוי האָבן מיר זיך אופגעהויבן אין די הימלען.

יעכיעל שרײַבמאַן





— צי איז ריכטיק צו זאָגן, אז די מיידעלעך, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט די בסורע וועגן דעם פלוג פון א מענטשן אין קאָסמאָס, האָבן זיך אופגעהויבן הויך־הויך איבער דער וועלט?

# עס זינגען קאָסמאָנאווטן

די ערד מיר האָבן אָפּגעבונדן פון די קייטן,
א שטויס געטאָן זי צו די הימלען שטראָם־ארוף,
מיר זײַנען ניט געגאנגען זי באגלייטן —
אליין מיט ביידע פיס אף איר ארוף.

דערווײַל איז אונדזער וועג — ביז דער לעוואָנע,
נאָר אויב דער מענטש גייט אין דעם רוים אוועק,
וועט ער דער מאמע־ערד, ווי א מאטאָנע,
א טשאטשע שטערן צוטרײַבן צום ברעג.

ווער זײַנען מיר?
— מיר זײַנען זין פון מאָסקווע.
וואָס טוען מיר?
— מיר האָבן פעסט און צארט
די האנט אוועקגעלייגט אף אקסל פונעם קאָסמאָס,
צו וועלטן אנדערע די רויטע פאָן געבראכט.

ארן ווערגעליס





— צי איז באַרעכטיקט דאָס צוגלײַכן די פּלאנעטע ע ר ד צו א שיף?
— מיט וועלכע ווערטער רעדט דער אווטאָר וועגן דער פּירנ־דיקער ראָל פון די סאָוועטישע מענטשן אין דעראָבערונג פונעם קאָסמאָס?

# ווען איך זאָל קענען?

(אַן ענגליש לידעלע)

ווען איך זאָל קענען איבערמאכן די וועלט,
וואָלט איך צום אלעם ערשטן אָפגעשאפן די מילכאָמע,
און ווען די מילכאָמעס זאָלן זײַן אָפגעשאפן,
וואָלט קיין איין זאוואָד ניט געמאכט קיין ביקסן און קיין טאנקען,
וואָלטן אלע סאָלדאטן געארבעט אף די פערמעס,
וואָלטן מיליאָנען קינדער אין אזיע, אפריקע און דאָרעם־אמעריקע ניט געהונגערט.
און איך וואָלט נאָך פאר אלע קינדער אָפגעדרוקט אומזיסטיקע לערנביכער.
אָט דעמלט וואָלט די וועלט געווען א גאָלדן ערטעלע!

קאראָלין מארטין





— וואָס ווייסט איר וועגן דעם קאמף פון פארשיידענע פעלקער
פאר שאָלעם אף דער וועלט?

# ווי אזוי איבערוקן דעם בארג

(א כעלעמער מייסעלע)

וועגן דער שטאָט כעלם האָט איר אמאָל געהערט, קינדער? און וועגן דעם, ווי „קלוג" די כעלעמער ייִדן זייַנען, ווייסט איר?

אויב איר האָט ניט געהערט און איר ווייסט ניט, וועט איר באלד פארשטיין, ווי נאָר איר וועט איבערלייענען די מייַסע.

די שטאָט כעלם איז זיך אזוי צעוואקסן, דערציילט מען, אז ס'איז שוין מער ניט געווען קיין פלאץ, ווו צו בויען הייַזער. דער בארג הינטער דער שטאָט איז געשטאנען אין וועג.

וואָס טוט מען?

האָבן די כעלעמער כאכאָמים זיך פארזאמלט אף אן אסיפע[1]. און גע־טראכט און געטראכט און געטראכט... א טאָג און א נאכט און נאָך א טאָג און א נאכט. ביז זיי האָבן זיך דערטראכט, וואָס מע דארף טאָן.

זיי האָבן צונויפגערופן אלע כעלעמער, מענער און פרויען, יונג און אלט, און זיי פאָרגעשלאָגן דעם פלאן: מע דארף אָפּשטיפּן דעם בארג, האָבן זיי געזאָגט.

אלע האָבן אייַנגעשטימט. גערעדט און געטאָן. אף מאָרגן גאנצפרי זייַנען אלע כעלעמער, אלט און יונג, ארויס הינטער דער שטאָט און זיך א נעם געטאָן צו דער ארבעט. דערווייַל איז געוואָרן זייער הייס, און פון אלע־מען האָט גענומען גיסן זיך טייַכן שווייס. האָבן זיי זיך צוגעזעצט, אָפּגע־רוט, אָפּגעקילט, און די מענער האָבן פון זיך אראָפּגעוואָרפן זייערע קאַ־פּאָטעס. דערנאָך האָט מען זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט. מע האָט פלייַסיק געשטופּט און געקרעכצט און ווידער געשטופּט.

דערווייַל זייַנען פארבייַגעגאנגען א פּאָר רויבער. זיי האָבן דערזען די אוועקגעוואָרפענע קאפּאָטעס, צוגענומען זיי און אוועק.

די כעלעמער זייַנען ווידער פארמאטערט געוואָרן פון שטופּן, האָבן זיי נאָכאמאָל צוגעזעצט זיך אָפּרוען. מיטאמאָל זעען זיי — ניטאָ די קאַ־פּאָטעס, און זיי האָבן זיך דערפרייט:

— אזוי ווייַט האָבן מיר אָפּגעשטופּט דעם בארג, אז מיר זעען שוין מער ניט די קאפּאָטעס, וואָס מיר האָבן אוועקגעלייגט!

און מיט מער מוט האָבן זיי ווידער גענומען זיך צום שטופּן דעם בארג.

---

[1] אסיפע — א פארזאמלונג.



# די ארבעט ברענגט דעם מענטשן גליק און שעפע

## אונדזער געבאָט

מיר זײַנען דורכגעגאַנגען היצן און טײַפונען
מיט א געבאָט — געמאָלדן אין דער וועלט:
ווילסט טרינקען וואסער — גראָב אליין דעם ברונעם,
ווילסט עסן ברויט — פארזיי אליין דאָס פעלד!

און דעם געבאָט — מיט הארבער מי געלײַטערט —
מיר האָבן אויסגעהאקט אף זיך, ווי אף א שטיין:
ווילסט ליכט און ווארעמקײַט — צינד אָן אליין דעם שײַטער,
און ווילסטו היימלעכקײַט, איז בוי אליין דײַן היים!

ארן װערגעליס





— גיט איבער מיט אייגענע ווערטער, אין וואָס עס באשטייט דער געבאָט פון אן ארבעטנדיקן מענטשן.

# אין קוזניע

שלוימעלע כאַפּט זיך אָפּטער אַרײַן צו אײַזיק דעם שמיד אין קוזניע, באַזונדערס ווען אין דרויסן איז נאַס, קאַלט און אים איז עפּעס אומעטיקלעך אױפן האַרצן. ער זיצט זיך דאָרט אין אַ ווינקל און קוקט פאַרטראַכט. אין קוזניע איז טונקל, אַקעגן אים פּאַכעט הייזעריקלעך אַ לעדערנער געלאַטעטער בלאָז־זאַק. ער טוט אַ בלאָז, און אַ זײַל פונקען שפּרינגען, טאַנצן אין אױיון. די פונקען שפּרינגען, און שלוימעלעס געדאַנקען פאַרפלײַען ווײַט־ווײַט, עס מאָלן זיך אים עפּעס מאָדנע געשטאַלטן, וואָס דרייען זיך צווישן די פונקען און דראַפּען זיך פון דאָרט אױף די אָפּגעשיילטע ווענט אַקעגן. עס בײַטן זיך די געשטאַלטן, אַרויס — אַרײַן; ער קוקט און דערזעט באַשײַמפּערלעך דאָס ליכטיקע פּנים פון אײַזיקן, וואָס הוידעט אונטער, פאַרגרעסערט אַלץ דאָס פײַער.

פּלוצעם, אין דער הייסער מינוט טאַקע, כאַפּט אײַזיק פונעם העליש פײַער אַרויס מיט צוואַנגען אַ גלײַענדיק שטיק אײַזן, און, האַלטנדיק עס אַזוי אױף דער קאָוואַדלע מיט איין האַנט, שלאָגט ער עס מיט דעם האַמער אין דער אַנדערער האַנט, בעשאַס אַ געזונטער, ברייטבייניקער, צעכראַסטעטער באָכער, באַוואָפנט מיט אַ גרויסן שווערן האַמער, קלאַפּט דערויף אַקעגן. אײַזיק — איין קלאַפּ, דער באָכער — צוויי; אײַזיק — אַ דריי דעם אײַזן אַהער, דער באָכער אַ קלאַפּ; אײַזיק — אַ דריי אַהין, און דער באָכער — קלאַפּ־קלאַפּ, אַזש פונקען פלײַען.

ס׳איז דאָ פאַר שלוימעלען וואָס צו זען, ס׳איז דאָ פאַר אים אויך וואָס צו הערן — די אַרבעט האָט ליב אַ וויץ, אַ ווערטל, עס זאָל געטאָן ווערן לעבעדיק, פריילעך. דאָרט ווערן דערציילט שרעקלעכע מײַסעס, אַזש דאָס לײַב גרוילט, הערנדיק זיי. און מענטשן צו רעדן פעלן דאָ ניט. ס׳איז דאָ גענוג אי אייגענע, אי פרעמדע, וואָס קומען געבן אַרבעט: דער קומט מיט אַ שטומפּיקער האַק, יענער קומט מיט אַ צעבראָכן קלינגל, אַן איבערגעדרייטן שלאָס, איינער קומט אונטערקאָוועז אַ פערד און דער אַנדערער — אַרופּציִען אַן אײַזערנע רייף אױף אַ ראָד. אײַזיק אַליין איז זייער באַרעדעוודיק. אַ צוגעלאָזענער מענטש, מיט אַבי־וועמען לאָזט ער זיך אַרײַן אין אַ ברייטן שמועס...

מענדעלע מויכער־ספֿרים



— מאָלט אָן אײַזיק דעם שמיד בײַ דער אַרבעט און שלוימעלען, ווי ער שטייט אויך בײַ דער קאָוואַדלע און קוקט.





# ברויט

דאָס ברויט, וואָס געגרייט איז
בא מיר אפן טיש,
איז ערשט פונעם אויוון,
געשמאק עס איז און פריש.
געבראכט ס׳האָט אהערצו
פון סטעפּעס דעם דופט,
דערהערט כ׳האָב פונוויַיטן
דעם רויש פון קאָמבײַן —
די זון און דער שאָטן
אין שטוב איז אריַין.
די שטילקייַט פון דאָרפישער נאכט
כ׳האָב דערהערט.
כ׳האָב ווידער און ווידער
און ווידער געקלערט,
אז ברויט אפן טיש —
דאָס איז ניט אזוי פּראָסט,
ס׳האָט בלוט און ס׳האָט פייַער —
ס׳האָט ליבע געקאָסט.

אווראָם גאָנטאר



— דערציילט, וויפל ארבעטן דארף מען אָפּטאָן, קעדיי אף אייַער טיש זאָל שטענדיק זייַן ברויט?

# דער וועלאָסיפּעד

דער טאַטע האָט געקויפט וואלעריקן א וועלאָסיפּעד. א שפּאָגל־נײַעם, א בלאָוון און זייער־זייער א שיינעם. מיט דרײַ גומענע רעדלעך, מיט א בלישטשענדיק־ניקלנעם רודער, מיט א גלעקל פון פאָרנט. און הינטן, אף דער הינטערשטער אקס, זײַנען צוגעפּעסטיקט צוויי פּלאַטשיקע שטיקער, עמעצער זאָל זיך אף זיי ארופשטעלן מיט די פיס: איינעם מיט וואלעריקן זאָל אפן וועלאָסיפּעד נאָך עמעצער קאָנען פאָרן.

א וועלאָסיפּעד — אן אנטיקל!

איין כיסאָרן: אז וואלעריק זעצט זיך אוף און טוט א טרעט מיטן פוס דעם פּעדאַל, בלײַבט אים דער צווייטער פוס הענגען אינדערלופטן און מוז א ביסל צוווארטן. און אז דער פּעדאַל קומט שוין אונטער צום צווייטן פוס, בלײַבט דער ערשטער הענגען אינדערלופטן און מוז א ביסל צוווארטן. האקלאל, וואלעריק איז נאָך צו א קליינער און גרייכט נאָך ניט מיט ביידע פיס צו די פּעדאַלן.

נאָר גאווריושע זאָגט, אז דאָס איז גאָרניט. מע קאָן דעם זאָטל א ביסל ארונטערלאָזן.

גאווריושע איז א פּיאָנער. ער פאַרמאָגט א פול קעסטל מיט צוועגלעך, מיט פּײַלעכלעך, מיט שליסלען. דאָס קליינוואַרג איז הויף רינגלט אים שטענדיק ארום. כוץ דעם, וואָס ער לייענט זיי ביכלעך און לערנט זיי אויס שיינע שפּילן, לערנט ער זיי זעגן, פּײַלן, בויערן. אלע וועלאָסיפּעדן אין דער וועלט קאָן גאווריושע אליין צעשרויפן, איבערפּוצן און אליין צוריק צונויפשטעלן.

וואלעריקס וועלאָסיפּעד קערט ער איבער מיט די רעדלעך ארוף, שטעלט זיך אוועק לעבן אים אף איין קני, נעמט ארויס א שליסל פונעם קעסטל, און אז די שפּיץ צונג זײַנע הייבט אָן אומגיין פון איין ווינקל מויל צום צווייטן ווינקל מויל, ווייסט מען, אז קיינער טאָר איצטער ניט שטערן — גאווריושע מײַסטערוועט.

אין עטלעכע רעגעס איז דער געזעס אראָפּגעלאָזט. וואלעריק פאָרט אפן וועלאָסיפּעד אָנגעגווידערט, מיט א וואזשנער גלײַכער פּלייצע. ביידע הענט האלט ער אויסגעשטרעקט אפן רודער. דער טראָטואר איז א גלאטער, אן אספאלטענער. די פיס דרייען גיך־גיך די פּעדאַלן. דאָס גלעקל קלינגט. דער וועלאָסיפּעד לויפט:

— דזין, דזין... מאכט א ווארע, וואלעריק פאָרט!..

יעכיעל שרײַבמאַן



## דער שאָפער

זעסט, עס וואַקסט א נײַער מויער,
ס׳איז מײַן ברודער דאָרט א בויער.
און מײַן טאַטע — א שאָפער,
פירט ער ציגל אָט אהער.

זייער פיל איז שוין אופגעטאָן
אין דעם נײַעם שטאָט־ראיאָן.
גרין דאָס גראָז בא יעדן הויז,
און דאָס הויז איז הויך און גרויס.

דארף איך שוין אצינד ניט קלערן
אף זיך אויסקלײַבן א פאך,
כ׳האָב באשטימט א שאָפער ווערן,
ארבעט איז פאראַן א סאך.

בראָניע סינעלניקאָווע





— רעכנט איבער, וועלכע פראָפעסיעס זײַנען פאראַן.
— וואָס פאר א פאך טרוימט איר צו באקומען, ווען איר וועט אויסוואקסן?

# מײַנע קלײנע שיפעלעך

אריק איז א גרויסער. ווער קאָן זיך צו אים גלײַכן? סארא שײנע, גרויסע שיף ער האָט זיך אלײן אויסגעמײַסטערט. מיט אָן א שיר שמאָלע לײטערלעך, מיט גאנעקלעך, מיט קײַלעכדיקע קאיוטע־פענצטערלעך, מיט הויכע, שווארצע קוימענדלעך. אוי, סארא וווּנדערלעכע שיף!

וואָס זשע טו איך?

כ׳נעם א ווײַס פערטל פאפיר, לײג עס צונויף אינצווײען, לײג עס צונויף אינפירן, פארבײג אײן עק, פארבײג אן אנדער עק, לאָז ארויס א שפּיץ, מאך א שײנעם קנײטש, טו עס א בלאָז אָן מיט מײַן ווארעמען אָטעם, און עס ווערט אויך א שיפעלע. איך שטעל עס פאמעלעך אראָפּ אין דער ריטשקע, און עס גײט זיך אוועק. עס הוידעט זיך, עס שאָקלט זיך, לויפט גיך־גיך בארג־אראָפּ, קאטשעט זיך קוים־קוים בערגל־ארויף, נאָר האלט זיך פון אויבן, שווימט. א קלײן שיפעלע — נאָר אויך א שיף!

גוט, וואָס עס גײט אזא מעכטײַעדיקער שמעקנדיקער רעגן. אין די טײַכלעך בולבעט, אף די גאסן יאָגן ברײטע ווארעמע ריטשקעס; עס גיסט און פליעסקעט פון די רינוועס.

איך שטײ באַרוועס, מיט פארקאטשעטע הײזלעך, לאָז אָפּ מײַנע שיפלעך און קוק, ווי זײ שווימען אוועק אײנס נאָכן אנדערן: קלײנינקע, ווײַסינקע, פרײלעכע.

די זון גײט אוף איבער אונדז. איך און מײַנע שיפעלעך בלײַבן אײַנגערעמלט אין א רעגנבויגן.

יעכיעל שרײַבמאן





— וואָס פאר א שפּילכלעך קאָן מען מאכן פון פאפיר?

# ליבע צו דער נאַטור



## די בין

בינעלע, בינעלע — זום, זום, זום!
און פליט אַרום פון בלום צו בלום,
פון בלום צו בלום, פון קווייט צו קווייט,
און זויגט זיך אויס די פּליסיקייט.

בינעלע האַפּ! בינעלע האַפּ!
שנעל אינעם בעכער אַרײַן מיטן קאָפּ!
דערנאָך אַהיים און האָניק מאַך, —
האָניק איז אַ גוטע זאַך!

בינעלע, בינעלע, האָניק מאַך!
נאָר דעם בינענשטאָק באַוואַך!
פאַראַן אַ בער, פאַראַן אַ בער,
וואָס ער לעקט דעם האָניק זייער!

ווען ער אַ בינענשטאָק דערשמעקט —
אַ שפּרונג! די צונג — אַרויסגעשטעקט!
פלינק אַרויס! בינען, אַרויס!
דעם גאַזלען שטעכט די אויגן אויס!

יִצחק־לייבוש פּרץ



— ווי־אַזוי מאַכט די בין האָניק?
— פון וועמען דאַרף די בין היטן דעם בינשטאָק?

# קאַווענעס און דיניעס

וואָס קאָן זײַן פרייִלעכער פון אַ פולן מאַרק מיט דיניעס און קאַווענעס? אומעטום, ווּ איר טוט זיך אַ קער, איז אָדער דיניעס, אָדער קאַווענעס. די דיניעס זײַנען געל און שמעקן ווי האָניק. די קאַווענעס זײַנען רויט אינווייניק, ווי פײַער. קערלעך האָבן זיי שוואַרצע, און זיס זײַנען זיי ווי צוקער.

מײַן מאַמע האַלט ניט פון קאַווענעס. זי זאָגט, אַז דיניעס זײַנען שפּאָרעוודיק. ווען זי קויפט, — זאָגט זי, — אַ דיניע, האָט זי אויף צוויי טעג אונדז ביידן — אויף אָנבײַסן, אויף וואַרמעס און אויף וועטשערע. און אַ קאַווענע, — זאָגט זי, — איז אַ נאַשערײַ: פּויזשעט נאָר אָן אַ פולן בויך מיט וואַסער.

איך מיין, אַז זי האָט אַ טאָעס. איך וואָלט, דאַכט זיך, אַ גאַנץ יאָר געגעסן קאַווענע מיט ברויט. עס מאַכט ניט אויס, וואָס ס'איז דאָ אין זיי אַ סאַך קערלעך. אַ גוטע קאַווענע, אַז מע טוט אַ רעכטן טרייסל, טוען די קערלעך אַ פאַל אַרויס — און דעמלט עסט, וויפל איר ווילט אַליין.

שאָלעם־אַלייכעם





— שרײַבט אָן, וויאַזוי עס זעט אויס אַ דיניע און וויאַזוי עס זעט אויס אַ קאַווענע.

# די קו

מו־מו־מו! מו־מו־מו!
בא דעם טויער שרײַט א קו:
עפנט אויף מיר! לאַזט מיך צו
צו מײַן קעלבעלע מײַן קלײנעם,
צו מײַן זונעלע מײַן שײנעם.
כ׳וויל אים לעקן, קושן וויל איך
און אים געבן זיסע מילעך.

עליעזער שטײנבארג



לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# דאָס קראָליקל



נאַרוואַס געבוירן,
טאנצט שוין דער שנעק!
לאנגינקע אויערן,
קורצינקער עק.

גיסט אים א מערל —
טוט ער א שמעק.
גיסט אים א גרעזל,
טוט ער א לעק.

יריסף קאַטליאר



לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# ענטעלע, ענטעלע

ענטעלע, ענטעלע, ענטעלע,
פאַרוואָס גייסטו נישט גראַד?
און דאָס ענטל, ענטל זאָגט:
ווײַל איך בין ניט קיין סאָלדאַט!

כ׳בין אַן ענטל, כ׳בין אַן ענטל,
און גיי מיר, ווי די באָבע יענטל,
אהער־אהין געוואַקלט זיך,
אין די שיינע רויטע שיך!

יִצכאָק־לייבוש פּערעץ



לערנט אויס די ליד אויסווייניק.



א לערער האָט געפרעגט א ייִנגל אין קלאַס: „וואָס איז הויזן — איינצאָל צי מערצאָל?"

„אויבן איז איינצאָל, אונטן איז מערצאָל", — האָט דאָס ייִנגל געענטפערט.

# שיפן אפן יאם

דער יאם, וואָס איז לאַכלוטן ניט שוואַרץ און גיסט זיך איבער אין קאָלערליי גרינבלעכע און בלאָוולעכע פאַרבן, האָט מיט זײַן מעכטיקער ראַכוועסדיקײַט פאַרקישעפט פון דער ערשטער מינוט. שאָענוויַיז פלעגט מען באַצויבערטע קוקן אף דער אומענדלעכער יאם־ברייטקײַט, אפן טומלדיקן האפן מיט די פילצאָליקע פריטשאַלן, פאַרפולטע מיט קאָלערליי שיפן, אפן געהיימניספולן ווײַסן לײַכט־טורעם, וועלכער שטייט ווי א היטער פון די יאם־טויערן. שיפן גייען אוועק, שווימען פאַרבײַ דעם לײַכט־טורעם און פאַרשווינדן אינגיכן הינטערן האָריזאָנט. וווּהין שווימען זיי? איבער וועלכע יאמען?.. העלדישע רײַזנדער האָבן דורכגעלייגט נײַע וועגן, אַנטדעקט אינדזלען, קאָנטינענטן, אַרכיפּעלאַגן, געשווומען דורך די הייסע טראָפּיקעס אין די ווײַטסטע לענדער, ווו עס לעבן גאָר אף אַן אַנדער אויפן פאַרשיידענע פעלקער. עפשער פירן אָט די שיפן אוועק אין די ווײַטקײַטן נײַע קאָלומבן?

נאָטע לוריע





— וואָס ווייסט איר וועגן דעם, וויאַזוי דרייסטע רײַזנדער האָבן אַנטדעקט אומבאַוווּסטע לענדער?



# קאראהאָד

(א סערביש־כאָרוואַטיש לידעלע)

קאראהאַר, אין קאראהאַד!
שטעלט זיך אלע אין א ראַד!
הינער, שטעלט זיך מיטן האָן!
קו און העלפאנד, נעמט זיך אָן!
קעצל, נעם זיך מיט דער מויז!
פאסטעך, שטעל די שעפסלעך אויס!
העזל, כאַפּ דעם אלטן בער —
און אין קרײַז צו אונדז אהער!

קאראהאַד, אין קאראהאַד!
שטעלט זיך אלע אין א ראַד!
קוימען, שטעל זיך מיטן רויך!
טיר־און־פענצטער, שטעלט זיך אויך!
וואַלקן, דונער מיטן בליץ,
און דער זומער מיט דער היץ,
און דער רעגן מיטן ווינט,
און די מאמע מיטן קינד,
און די באָבע מיטן אייניק —
גיכער, גיכער, ווײַל ס'איז ווייניק!

צעסאנקא מאקסימאָוויטש



לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# א בערעלע פאַרן מאָסקווער צירק

אין א פראָסטיקן ווינטערדיקן טאָג האָבן יעגער אין טיפֿן וואלד זיך אַנגעשטויסן אף א קליין בערעלע. דעם אומבאהאָלפענעם נעפעשל האָט געדראָט אומקום. „שטעלן אף די פיס" דאָס בערעלע האָט זיך אונטערגענומען די אײַנוווינערן פון ביראָבידזשאַן נאַטאַליע כאַדקאָ. זי האָט מער פון צוויי כאַדאָשים אופגעהאלטן „יורקען" (אזוי האָט זי אָנגערופן דאָס בערעלע) בא זיך אינדערהיים, געפּאָיעט עס מיט מילך. „יורקע" איז אונטערגעוואקסן, און עס איז געקומען די צײַט זיך באקלערן, וואָס צו טאָן מיט אים ווײַטער. אין שטוב, באנאנד מיט מענטשן, האָט מען דאָס בערעלע שוין ניט געקאָנט מער האלטן. אָבער אָפּפירן עס צוריק אין וואלד האָט מען בעשום-אויפן אויך ניט געטאָרט. יאגדקענער זײַנען געקומען צום אויספיר, אז א ניט-צוגעוווינטס פון די ערשטע טעג פון לעבן צום וואלד, וועט עס דאָרט אומקומען.

וועגן דעם האָט נאַטאַליע כאַדקאָ געגעבן צו וויסן די טוער פונעם כאבאראָווסקער קאנטישן זאָאָצענטער. מע האָט דאָס בערעלע אָפּגעפירט אהין. און אין א צײַט ארום מיט אן עראָפּלאַן אָפּגעשיקט קיין מאָסקווע. אין איינעם פון די מעלוכע-צירקן. אצינד לערנט מען דאָס בערעלע אף א „צירק-ארטיסט".

(פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאַנד")





— צי זײַט איר אמאָל געווען אין צירק? דערציילט, וועלכע כײַעס טרעטן דאָרט ארויס ווי ארטיסטן.

# מאַ־מע

דאָס הינטל און דאָס קעצל
און דאָס כאַזערל
באַשטימט האָבן צוזאַמען
דעם לימעד איַינצוכאַזערן.

כריו־כריו, — זאָגט דאָס כאַזערל, —
הייסט מאַ־מע.
לאָמיר אַלע
זאָגן דאָס צוזאַמען.

מיאַו־מיאַו, — זאָגט דאָס קעצעלע. —
הייסט מאַ־מע.
איר האָט שלעכט געהערט
די לערערקע מיסטאַמע.

איר האָט ביידע
גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען —
האַוו־האַוו־האַוו
ווערט ריכטיק הייסן מאַ־מע.

מאַכט דאָס כאַזערל כריו־כריו,
מאַכט דאָס קעצל מיאַו,
און דאָס הינטל — האַוו־האַוו־האַוו,
און אַלץ באַטיַיט עס מאַמע.

אַבראַם גאָנטאַר





לערנט אויס די ליד אויסווייניק.

# רײַס ניט דעם צוויט

מיידעלע, קינד מײַנס,
ס׳איז דיר גאָר קיין שאָד
אָפּברעכן א צווײַגל,
ווען עס בליט דער סאָד?
מיידעלע, קינד מײַנס,
צי ווייסטו עס, צי ניט:
קעדיי צו רײַסן ווײַנשל,
רײַס ניט אָפּ דעם צוויט...

מאָטל גרוביאַן



— פאַרוואָס טאָר מען ניט רײַסן קיין צוויט פון די ביימער און ברעכן פון זיי צווײַגן?

# די טונדרע

וויַט, זייער וויַט, אף הונדערטער וויאָרסט צעגיסן זיך די וואסערן פונעם מעכטיקן יעניסיי. די טײַגע טרעט אָפּ בעהאדראַגעדיק, ניט־ווילנ־דיק. אירע פּרעכטיקע ביימער־מאסיוון ווערן אלץ מאָגערער, שיטערער, נידעריקער, בלויז ערטערוויַיז טרעפן זיך נאָך ערגעץ־ווו איינציקע, אויס־געפּאטשטע דורך בייזע קאלטעווינטן איַינגעהויקערטע, עלנטע, קרומע סאָסנעלעך, ביז זיי ווערן אויך, ענדלעך, פארשוווּנדן. פון ראנד ביז ראנד שפּרייט זיך די נאקעטע טונדרע. איר גרינער סאמעטענער טישטעך פון מאָך איז געדיכט באשאָטן מיט בונט־קאָליריקע פּיצעלעך קווייטעלעך. מענגעס גנוס! וואָלקנס פון גנוס! אייביק דורכגעפרוירענע ערד. ס׳וואקסט אף איר גאָרניט. זומער: טאָג און נאכט א געל־רויטער טעלער פון דער צאַפּנדיקער זון, ווי אן אָנגעמאָלטער אפן גרוילעכן הימל.

נאָרילסק איז אן אוניקום. נאָך א צווייטע שטאָט, ווי זי, איז ניטא מער אין ערגעץ. זי איז אליין אוניקאַל, און עס שטייען פאר איר אוני־קאַלע פּראָבלעמען. שוין ניט ריידנדיק דערפון, אז די מויערן אין נאָרילסק פארמאָגן ניט קיין פונדאמענט אינעם אלגעמיינעם פארשטאנד: דער אייביק פארפרוירענער גרונט דערלאָזט דאָס ניט צו מאכן (אָבער די היַיזער שטייען פעסט!). אין אנדערע הינזיכטן איז דאָ אויך אלץ ניט פּאָשעט. די זון גייט ניט אוף לעערעך א האלב יאָר נאָכאנאנד. און נאָך א מין האלב יאָר! ווינטן בלאָזן ווינטער אזוינע, אז זיי וואלגערן פון די פיס מאַמעש, ניט אף קאטאָוועס, און ס׳זיַינען פאראן ערטער, ווו קעדיי ניט פארבלאָנדזשעט ווערן, גייענדיק צו דער ארבעט און צוריק, מוז מען זיך האלטן פאר אומיסטן אָנגעצויגענע שטריק. און די איַינוווינער גופא זיַינען אין נאָרילסק אויך ניט קיין איינפאכע. טוישעוּוים, וואָס זיַינען גע־ווינט צו דעם אלעם, פארמאָגט די שטאָט ווינציק. א גרויסער טייל מענטשן לעבט דאָרט ציַיטוויַיליק. זיי פאָרן אָן פונעם גאנצן פארבאנד צוליב פארשיידענע סיבעס: ווער נאָך פּארנאָסע, ווער אויסצופּרוּוון די קויכעס, פארכאַפּטע מיט ייִנגלשער ראָמאנטיק.

ב ר אָ כ ע  א ו ן  א ר ן  ב ו ר ש ט ײ ן



— וועלכע קאָנט איר אָנרופן נאָך שטעט אפן וויַטן צאָפן?

# דאָס העזעלע

(עס דערציילט יורי גאגארינס טאָכטער)

איינמאָל וועסנע־צײַט זײַנען מיר געפאָרן אין וואלד אף א שפאציר. די זון האָט העל געשײַנט. די פייגל האָבן געזונגען, פריילעך האָט געקנאקט דאָס פײַער אין שײַטער. איך האָב געקוקט, ווי עס פלאמט דאָס פײַער און אומגעדולדיק געווארט, עס זאָלן זיך אומקערן דער טאטע, די מאמע און לענע, וועלכע זײַנען אוועקגעגאן שפאצירן. פלוצעם איז פון די קוסטעס ארויסגעקומען דער טאטע. ער האָט עפּעס געהאלטן אין די פּאָלעס פון זײַן בלוי העמדל. איך בין צו אים צוגעלאָפן. „טרעף, וואָס איך האָב דאָ?" — האָט מיך דער טאטע געפרעגט. איך האָב ניט געקאָנט טרעפן.

דער טאטע האָט אָפּגעדעקט דעם זוים פונעם העמדל, און איך האָב דערזען א הילפלאָז העזעלע. דאָ איז אונטערגעקומען לענע. מיר האָבן עס געוואַרעמט אף דער זון, געגעבן טרינקען מילך, אײַנגעהילט אין א שטיקל צײַג. נאָר עס איז פון אונדז אנטלאָפן. די גאנצע מישפּאָכע איז געגאנגען זוכן דאָס העזעלע. און געפונען האָבן מיר עס אונטער א ביימל.

אין א יאָר ארום איז דאָס העזל אויסגעוואקסן און איז ווידער אוועק אין וואלד.

גאלינע גאגארינע





— צי האָט איר אמאָל געראטעוועט הילפלאָזע באלעכאַיים?

# אַף צו לייענען אינדערהיים





# זומער, האַרבסט און ווינטער

## אָקטיאָבער־דאָר

מיר זײַנען קינדער נאָך געווען אין יענע יאָרן,
אין יענע גרויזאַמע און פלאַמענדיקע טעג,
ווען ס׳האָט פונעם ניעוואַ־טײַך די „אַוראָרע"
מיט שטראַנגען זאַלפּ די נײַע וועלט געוועקט.

געווען אַ וויגליד איז פאַר אונדז די קאַנאָנאַדע.
צעשיידט די טאַטעס האָבן זיך מיט אונדז באַם שוועל,
מיט ביקס אין האַנט אַוועק אויף באַריקאַדעס
און אויסגעקעמפט פאַר אונדז אַ נײַע וועלט.

זינט דאַן יאָרצענדליקער עס זײַנען שוין פאַריבער,
און מיר, זין פון דעם אָקטיאָבערישן דאָר,
מיר טראָגן הויך די ווירדע און די ליבע,
ס׳איז קרעפטיק אונדזער טראָט, און אונדזער ציל איז קלאָר.

איציק בראָנפמאַן



# אף דער גאַס שלאָפֿט די נאַכט

אַלע טירן צוגעשלאָסן,
אַלע פֿענצטערלעך פֿאַרשפּאַרט;
אויף אַ בעטל דרעמלט יאָסל,
אויף די גאַסן שלאָפֿט אַ נאַכט.

האָט אַמאָל געהערט אַ רעדע
יאָסל ערגעץ אויף אַ מאַרק:
ס׳האָט געלעבט אַמאָל אַ ייִדע
מיטן נאָמען קאַרל מאַרקס.

מ׳האָט צעטיילט דאָרט פֿרישע בלעטער
און געפּליעסקעט מיט די הענט,
ס׳האָט געלעבט אַמאָל אַ פֿעטער,
ס׳הענגט זײַן בילד איצט אויף די ווענט

כאָלעמט יאָסלען זיך אַ כאָלעם,
אַז דער פֿעטער גייט אַראָפּ,
גיט אים אָפּ אַ ברייטן שאָלעם,
און ער שאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך בין לענין, — זאָגט דער פּעטער.
טוט זיך יאָסל באַלד אַ נויג.
גיט אים לענין ביכלער, בלעטער,
און אַ גרויסן, גרויסן פּויק.

ס'נעמט אים לענין פּאַר אַ הענטל,
פאַרן צווייטן נעמט אים מאַרקס,
טוט אים אָן אַ רויטינק העמדל,
און מע פירט אים אַף אַ באַרג.

„שאַ, אַ וואָרט וועט נעמען יאָסלי!"
נעמט אַזש יאָסלען אָן אַ שרעק.
האָבן ווערטער זיך געגאָסן
אָן אַ סאָף און אָן און עק.

שטייען מענטשן, בליצן אויגן,
און מע הערט, ווי יאָסל רעדט.
פּלוצעם זעט ער: אויסגעצויגן
ליגט ער אין זײַן ווייכן בעט.

ניט קיין אויגן, — לעמפּלעך ברענען,
ניט קיין מענטשן, ניט קיין באַרג,
אין אַ רעמל שמייכלט לענין,
אינעם צווייטן — קאַרל מאַרקס.

איציק פעפער





— דערציייל איבער מיט אייגענע ווערטער יאָסלס כאָלעם.



# ערשטער מײַ

מ׳האָט די קינדער פֿאַרזאַמלט באַם סקווער. ס׳זײַנען קינדער געגאַן מיט מוזיק
פֿון דער שטאָט פֿון דער אַלטער, פֿון דער שטאט פֿון דער נײַער, פֿון יענער זײַט בריק.

אין העמדלעך אין בלויע. פֿון הויפֿן פֿון שווארצע אין נידער פֿון שטאָט
איז געקומען אין מאַכנעס אין שטאָלענע דער מעטאַלן־זאַוואָד.

אין העמדלעך אין ווײַסע, מיט קווייטן אויף העמדלעך, מיט פֿריילעכן בליק
זײַנען געקומען די מיידלעך די יונגע פֿון טאַבעק־פֿאַבריק.

האָבן קינדער געלאַכט, האָבן מיידלעך געלאַכט, האָט די מײַ־זון געוואַרעמט,
זײַנען די רויטע אַרמייער געקומען צו גיין פֿון דער ווײַטער קאַזאַרמע.

מיט דער פֿלאַם־רויטער פֿאָן, מיט דעם הילכיקן פּויק, מיטן גרויסן
טרומייט.

**האָט די שטאָט זיך אין רויטן געוויגט, זיך מיט שײַן פרײַ געפרייט.**

**האָט מיט בליונג מיט פרישער געבלאָזן, געאָטעמט פון פעלד**
**האָבן זיך קלײנינקע קינדער אין סאַמע פונפאַרנט געשטעלט.**

**און דערנאָכדעם — פאַבריק. און דערנאָכדעם — זאַוואָד אין אַ רײ נאָך אַ רײ**
**מ׳איז צום גאָרטן צום טיפֿן אוועק, צו די טײַכן די צוויי.**

**אַף טײַכן אַף קלאָרע אין גאָרטן געדיכטן, אין זוניקער טיף**
**איך האָב זיך מיט קלײנינקע קינדער אַף שיפֿלעך געשיפט.**

**אַ העל־טאָג, אַ יאָמטעוודיק גרויסן, ביז זון איז אין מײַרעוו פאַרגאַן,**
**האָט גאָרטן געציטערט, האָט גאָרטן געקלונגען מיט אונדזער געזאַנג.**

**אַ העל־טאָג אַ גרויסן, וווּהין נאָר אַ ווענד און וווּהין נאָר אַ קער:**
**די קווייט די צעפּלאַמטע, דאָס קינד דאָס צעשפּילטע, דער האַמער,**
**סערפּ!**

**ע ז ר אָ   פ י נ י נ ב ע ר ג**



— פונוואַנען קומען אָן אַף דער ערשטמײַיקער דעמאָנסטראַציע די קאָלאָנעס?



**געבראָטענע טויבן פליִען ניט אַליין אין מויל אַרײַן.**



**ווי מע בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען.**

# זיך באַקאַנט

קימאַט אַלע טאָג, פון אינדערפרי ביז האַלבן טאָג, פלעגן זיך שפּילן אויפן הויף ייִנגלעך. אַלע דרײַ אין אַלציינע גרויע רעקלעך און הויזן, אין אַלציינע היטעלעך.

איך פלעג זיי נאָכקוקן דורך אַ שפּאַלט אין פּאַרקן. ס׳איז מיר געווען געפעלן, ווי גוט, פריילעך און פרײַנטלעך זיי שפּילן זיך אין אַזוינע שפּילן, וועלכע איך קען ניט.

איינמאָל בין איך אַרופגעקראָכן אויפן בוים און צו זיי אַ פײַף געטאָן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט און, קוקנדיק אויף מיר, ווען עפּעס שטילער־הייט זיך מעיאַשעוו געווען. כ׳האָב געמיינט, באַלד הייבן זיי אָן וואַרפן שטיינער אויף מיר, און האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, אָנגעלייגט שטיינער אין די קעשענעס און אין בוזעם און בין ווידער אַרופגעקראָכן אויפן בוים. נאָר זיי האָבן זיך שוין געשפּילט אין אַן אַנדער ווינקל פונעם הויף, און אין מיר, קענטיק, אינגאַנצן פאַרגעסן. אינגיכן האָט עמעצער צו זיי אַ געשריי געטאָן דורך דער פאָרטקע פונעם פענצטער:

— קינדער, מאַרש אין שטוב אַרײַן!

...איינמאָל האָבן זיי אָנגעהויבן שפּילן אין באַהעלטעניש. זוכן האָט באַדאַרפט דער מיטעלער, ער האָט זיך געשטעלט אין ווינקל הינטערן שפּײַכלער און פאַרדעקט די אויגן מיט דער האַנט. די ברידער זײַנען אַוועקגעלאָפן זיך באַהאַלטן. דער עלטערער איז גיך און פלינק אַרײַן אין ברייטן שליטן באַם שײַער, נאָר דער קלענינקער האָט זיך פאַרלוירן, איז מאָדנע קאָמיש אומגעלאָפן אַרום ברונעם און ניט געוווּסט וווּ זיך צו באַהאַלטן.

— איינס! — האָט געשריִען דער עלטערער. — צוויי!..

דאָ איז דער קלענינקער אַרויף אויפן ברונעם, זיך אָנגעכאַפּט פאַרן שטריק און איז אַרײַן אין פּוסטן עמער; דער עמער איז, קלאַפּנדיק איבער די ווענטלעך פונעם ברונעם, טייקעף אַראָפּ אין דער טיף.

איך בין צעטומלט געוואָרן, דערזעענדיק, ווי האַסטיק און שטיל די גוט אָנגעשמירטע ראָד דרייט זיך, נאָר כ׳האָב טייקעף פאַרשטאַנען, מיט וואָס דאָס קאָן זיך ענדיקן, און בין אַראָפּגעשפּרונגען צו זיי אין הויף מיט אַ געשריי:

— ער איז אַרײַנגעפאַלן אין ברונעם!

דאָס מיטעלע ייִנגל איז צוגעלאָפן צום ברונעם גלײַך מיט מיר און זיך אָנגעכאַפּט פאַרן שטריק. ס׳האָט אים אַ ריס געטאָן אַרויף, נאָר איך

האָב שוין באַוויזן איבערנעמען בא אים דעם שטריק, און דאָ איז אונ־טערגעלאָפן דער עלטערער און האָט מיר געהאָלפן אַרויסצי׳ען דעם עמער.

מיר האָבן גיך אַרויסגעצויגן דעם קליינינקן. ער איז אויך געווען דערשראָקן. פון די פינגער אויף דער רעכטער האַנט האָט געקאַפּעט בלוט, די הויט אויף דער באַק איז געווען אָפּגעריסן. נאָס איז ער געווען ביזן גאַרטל, דאָס פּאָנעם — בלוי, די אויגן ברייט צעעפנט, נאָר ער האָט גע־שמייכלט, אויפציטערנדיק אַלע ווײַלע מיטן גאַנצן קערפּערל, געשמייכלט און גערעדט:



— ווי כ׳בין גע־פלוי־גן!..

— ביסט משוגע געוואָרן, אָט וואָס! — האָט געזאָגט דער מיטעלער, אַרויסגענומען אים פונעם עמער און אָנגעהויבן אָפּווישן דאָס בלוט פונעם פּאָנעם.

און זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען.

דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזוי האַסטיק, אַז ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דער צווײַג, פון וועלכער איך בין אַראָפּגעשפּרונגען, האָט זי זיך נאָך געשאָקלט, און די בלעטער זײַנען פון איר געפאַלן.

העכער אַ וואָך צײַט זײַנען די ברידער ניט אַרויס אויפן הויף, אָבער דערנאָך האָבן זיי זיך באַוויזן נאָך פריילעכער, ווי פריִער, און אַז דער עלטערער האָט מיך דערזען אויפן בוים, האָט ער צו מיר ליבלעך אַ געשריי געטאָן:

— קום צו אונדז!

מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַלטן שליטן, און לאַנג געשמועסט, באַטראַכטנדיק איינע די אַנדערע.

מאַקסים גאָרקי

# כאַווײרים

## 1

מייערל האָט געהאַט אַ מײַלע — ער האָט געזונגען לידלעך, און נאָך וואָסערע לידלעך! האָט ער אָבער צו דער מײַלע געהאַט אַ כיסאָרן — ער האָט פײַנט געהאַט זינגען גלאַט אַזוי אומזיסט. איר ווילט הערן דאָס זינגען — באַצאָלט, זײַט מויכל! אַ גראָשן אַ לידל. און אַז ס׳איז ניטאָ קיין געלט, איז אַ קנעפּל אויך גוט, פּאַר אַ נויט — אַ האַלבער עפּל, אַ פּאָר פלוימען, אַ צוקערקע — קיין אומזיסט איז ניטאָ! דערפאַר אָבער האָט ער געזונגען אַזעלכע לידלעך, מיט אַזאַ זיס קאָל און מיט אַזאַ געפיל!

גיי איך ארויס אף דער ווילנער גאַס,
אוי־ווײ —
מע ווײנט אזוי!

אַלע ייִנגלעך האָרכן, גאַפן, גייען אויס פון זיסקײַט, און ער — גאָר־ניט!

ניט נאָר אין נעגינע אַליין האָט זיך אויסגעצייכנט מייערל, ער האָט געהאַט נאָך אַ כאַלאַס — שפּילן, פאָרשטעלן זיך, מאַכן אָנשטעלן.

לעמאָשל, ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ גאַזלען מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט. און דאַפּקע באָרוועס, און מיט אונטערגעקאַטשעטע הויזן, און אויגן — טאַקע ווי בײַ אַ גאַזלען! איך בין געוועזן דער ייִד, דער אָרעמאַן, מיט אַ קישעלע פאַר אַ האָרב, איבערגעקערט דאָס היטל אף דער לינקער זײַט, געגאַנגען, נעבעך, בעטן אַ נעדאָווע, פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד — דאָס זײַנען די ייִנגלעך. און איך, דער אָרעמאַן, זיך צווישן די ביימער, זוך אַ וועג און באַגעגן זיך מיט מייער דעם גאַזלען! כאַפּט ארויס דער גאַזלען דעם מעסער פון גאַרטל און זינגט אַ ליד, און דאַפּקע אף רוסיש:

דאַוויי דיע־ענגי,
דאַוויי דיע־ע־ענגי!

בעט איך זיך בײַ אים, נעבעך, דער אָרעמאַן, מיט טרערן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויב ניט אף מיר, איז אף מײַן ווײַב און קינדער, זי

וועט בלײַבן אַן אַלמאָנע, און די קינדער — יעסוימים. כאַפּט מיך דער גאַזלען, מייער, פֿאַרן גאָרגל און טוט מיך אַ וואָרף דער ערד.

**2**

ס'איז קיין כּידעש ניט, וואָס איך און מייערל האָבן זיך צוגעבונדן איינער צום אַנדערן. ביידע האָבן מיר שפּאַצירט איבער די שטעטלשע גאַסן באַרוועס. מייערל האָט מיך געלערנט, וויאַזוי מע קלעטערט אַרויף אויפֿן העכסטן בוים, אָדער וויאַזוי מע שפּרינגט אונטער און מע פֿאַרטשעפּעט אַ צווײַג פֿון אַ קאַרשנבוים, קריכן דערמלט די קאַרשן אַליין אין מויל אַרײַן. אײַ, עס ווערן נאָכדעם שוואַרץ די ליפּן, און נאָך די שפּיץ פֿינגער דערקענט מען, אַז מע האָט געריסן קאַרשן! וואָס קאָן דאָ זײַן? „וועט מען אָפּשמײַסן — אַ טײַערע מעציאָצע!..״

שאָלעם־אַלייכעם



— וועלכע מײַלעס האָט געהאַט מייערל?
— באַשרײַבט די שפּילן, אין וועלכע איר שפּילט.



## די פּילקע

**מיט דער לינקער האָנט געקלאַפּט,**
**מיט דער רעכטער האָנט געכאַפּט!**
**מיט דער רעכטער וואַרפֿט זיך פֿלינקער,**
**מוז מען כאַפּן מיט דער לינקער!**

**איצט עס גייט שוין גאָר נישט שלעכט —**
**רעכטס און לינקס גלײַך באַרעכט!**
**און עס גייט אַלץ פֿלינקער, פֿלינקער!**
**מיט דער רעכטער, מיט דער לינקער!**

# דרײַ קעפּלעך

אלע דרײַ, אבראַמטשיק, מאַיסייטשיק און דווירקע, זײַנען געבוירן און געוואַקסן אַף איין אָרט — צווישן וואַנט און צווישן אויוון. אלע דרײַ זעען פאַר זיך אלע טאָג איינס און דאָס זעלבע: דעם פריילעכן טאַטן, וואָס שנײַדט קאַרטאָן, קלעפּט שאַכטלעך און זינגט ניגונים, און די פאַרזאָרגטע אויסגעטריקנטע מאַמע, וואָס קאָכט און באַקט און קערט און ראַמט און איז קיינמאָל ניט פאַרטיק. ביידע זײַנען זיי שטענדיק אין דער אַרבעט: די מאַמע באַם אויוון, דער טאַטע בא די שאַכטלען. אַף וואָס דאַרף מען אַזוי־פיל שאַכטלען? ווער דאַרף עס אַזויפיל שאַכטלען? אפשר, אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט שאַכטלען... — אַזוי טראַכטן די דרײַ שיינע קעפּלעך און קוקן אַרויס, אַז באַם טאַטן זאָלן זיך שוין אָנקלײַבן א סאַך, א סאַך שאַכטלען און ער זאָל זיי נעמען אלע אַפן קאָפּ און אין ביידע הענט — עפּשער טויזנט שאַכטלען — און זאָל מיט זיי אַרויסגיין אין מאַרק און קומען צוריק אָן שאַכטלען, נאָר מיט געלט פאַר דער מאַמען און מיט בולקעלעך, בייגעלעך אָדער צוקערקעס פאַר די קינדער... א גוטער, אוי, א גוטער טאַטע בא זיי, א גאָלד! די מאַמע איז אויך א גוטע, נאָר א בייזע. מע כאַפּט פון איר אָפּט א זעץ, א שטורך אין זײַט, א דריי פאַר די אויערן. זי האָט פײַנט, אַז מע מאַכט איר אָן א העקדעש, זי וויל ניט, אַז די קינ־דער זאָלן זיך שפּילן אין טאַטע־מאַמע, זי וויל ניט, אַז אבראַמטשיק זאָל שנײַדן די אַראָפּגעפאַלענע שטיקלעך קאַרטאָן, אַז מאַיסייטשיק זאָל גאַנ־ווענען פּאַפּ באַם טאַטן און אַז דווירקע זאָל באַקן בְרויט פון זאַמד מיט וואַסער... די מאַמע וויל, אַז די קינדער זאָלן זיצן שטיל, סטאַטעטשנע. די מאַמע ווייסט ניט, אפשר, אַז יונגע קעפּלעך אַרבעטן, אַז יונגע נעשאָ־מעס רײַסן זיך — וווהין?.. אין דרויסן! צו דער ליכט! צום פענצטער! צום פענצטער!

• • •

סאַכאַקל איין פענצטער, איין שטיקל פענצטער. אלע דרײַ קעפּלעך שלאָגן זיך פאַרן שטיקל פענצטער. און וואָס זעט מען דאָרט? א וואַנט א הויכע, א ברייטע, א גרויע, א נאַסע וואַנט. שטענדיק, אייביק איז זי נאַס! אפילע זומער!.. קומט אַמאָל אַהער די זון? געוויס קומט אַמאָל אַהער די

זון. און דעמלט איז א יאָמטעוו, אלע דרײַ שײנע קעפּלעך שפּארן זיך צום שטיקל פענצטער, קוקן ארויס גאנץ אויבן און זעען א לאנגן שמאָלן בלויען פּאס, ווי א לאנגע בלויע סטענגע.

— אָ! זעט איר, קינדער? אָט דאָס איז דער הימל!

אזוי זאָגט אבראמטשיק. אבראמטשיק ווייסט. אלצדינג ווייסט אבראמ־טשיק, אלצדינג! אך! אבראמטשיק דערציילט, אז ער האָט אליין געזען א גרויסן מויער פון סאמע פענצטער פון אויבן ביז אראָפּ. אבראמטשיק דער־ציילט, אז ער האָט אליין געזען א קוימען, א הויכן קוימען, און פונעם קוימען גייט א רויך... אבראמטשיק דערציילט, אז ער האָט אליין געזען א מאשין, וואָס מע נייט אף איר אָן הענט... אבראמטשיק דערציילט, אז ער האָט אליין געזען א וואָגן, וואָס פאָרט אָן פערד... און נאָך אזעלכע ניסים דערציילט זיי אבראמטשיק, און מאַיסייטשיק און דווירקע הערן און זיפצן און זײַנען אים מעקאנע, וואָס אלצדינג ווייסט אבראמטשיק, אלצ־דינג.

לעמאָשל, אבראמטשיק ווייסט, אז א בוים וואקסט. ער ווייסט נאָר ניט, ווו און וויאזוי דאָס וואקסט, וואָרעם ער האָט דאָס נאָך, גלײַך מיט זיי, קיינמאָל ניט געזען, וואָרעם אף זייער גאס איז ניטאָ קיין פעלד, ניטאָ קיין גאָרטן, ניטאָ קייןביימער, ניטאָ קיין גרעזל — ניטאָ!

אפילע א פייגעלע זעט מען דאָ זעלטן. סע פארבלאָנדזשעט אמאָל אהער א וואָראָביטשיק. איז ער גרוי, אזוי ווי די גרויע וואנט. פּיק־פּיק די גרויע שטיינער — הייבט זיך אוף און פליט אוועק... פון אויפּעס זעען זיי אמאָל אף שאבעס א פערטל אָף מיט א בלאס אויסגעצויגן פּיסל. וויפל פיסלעך האָט אן אָף? — זעלבסטפארשטענדלעך, פיר! עלעהיי א פערד! — אזוי פאסקנט דער עלטערער אבראמטשיק, און אבראמטשיק ווייסט דאָך אלץ.

אלע דרײַ קינדער האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהאט קיין געלעגנהײַט צו זען פאר זיך לעבעדיקערהייט ניט קיין אָף, ניט קיין כּײַע, ניט קיין בעהיימע, אויסער א קאץ. א קאץ האָבן זיי אן אייגענע, א לעבעדיקע, א גרויע קאץ, גרוי, ווי די גרויסע גרויע נאסע וואנט... די קאץ איז זייער גאנצער פארגעניגן. מיט דער קאץ שפּילן זיי זיך שאָענלאנג, טוען איר אָן א פאטשיילע אפן קאָפּ, רופן זי „מעכוטענעסטע" און לאכן, לאכן, לאכן אָן א שיר. דערזעט די מאמע און טיילט זיי אײַן: שענקט זיי — דעם א זעץ, דעם א שטורך אין זײַט, דעם א דריי באם אויער. די קינדער צע־גייען זיך אף זייערע ערטער הינטערן אויוון. דער עלטערער, אבראמטשיק, דערציילט עפּעס, און די קלענערע, מאַיסייטשיק און דווירקע, האָרכן,

קוקן אף זייער עלטער ברודערל מיט גרויסע אויגן און האַרכן. אלצדינג ווייסט אבראַמטשיק! ס׳איז דען דאָ א זאַך אף דער וועלט, וואָס אבראַמטשיק זאָל ניט וויסן?

שאָלעם־אַלייכעם



— פון וועלכע פּראַטים אין דער דערציילונג זעט מען, אין וועלכער צײַט עס האָט געשריבן זײַנע ווערק דער גרויסער ייִדישער שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם: פאַר דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אָדער נאָך איר?
— ווו וווינען די דרײַ קינדער: אין א שטאָט, צי אין א דאָרף?

# א גאָרטן בעשוטפעס

הינדע מיט הערשעלען זײַנען א שוועסטער מיט א ברודער. הינדע איז אלט עלף יאָר, און הערשל — אכט יאָר.

הינדע קאָן אלצדינג מאכן, וואָס זי קלערט נאָר צו — זי נייט אליין אוף א ליאַלקע, מאכט איר קליידער, קלאַפּט אליין אוף א בעטל, און הערשל קוקט און איז מעקאַנע. ס׳געפעלט אים.

דערפאַר אָבער — הייסט מען זיי עפּעס, פאָלגט הערשל באַלד, טוט ווי מע הייסט אים; הינדע וויל ניט פאָלגן. און פאָלגט זי שוין יאָ, טוט זי אזוי, אז מע שרײַט אף איר נאָכדעם.

הייסט מען איר גיין ארויסטרײַבן דעם כאַזער פון גאָרטן, וויל זי ניט עפענען ס׳גאָרטן־טירל — זי דאַרף, זאָגט זי, דעם כאזער אָנבייקערן. און ארומיאָגנדיק זיך, צעטרעט דערווײַל דער כאזער די בייטן.

הייסט מען איר גיין זען, ווו די גענדז זײַנען, לאָזט זי ארויס אין איין גאַנג דאָס קעלבל — זי וועט עס פאַשען, און דאָס קעלבל פאַרבײַסט ס׳עקל, טוט א דריגע מיט די פיסלעך און טאַנצט אוועק איבער דער גאַנצער ברייט פון דער לאָנקע.

און נאָך האָט זי ליב, הינדע, פירן א באַלעבאַטישקײַט, ווי אין שטוב פירט זיך.

באַקט מען ברויט, באַקט זי אויך.
קליינע ברויטעלעך באַקט זי.



א קליין דייזשקעלע האָט זי, קליינע עמערלעך, און נאָך קיילים און זאכן, וועלכע צו וואָס ס׳פּאַדערט זיך.

הינדע ווארט, מע זאָל דעם גאָרטן אקערן, וועט זי אויך איר קליין גערטנדל פארזעצן.

— קום, — זאָגט הינדע צו הערשלען, — קלײַבן שטעקלעך מיט פלעקלעך און אונדזער גאָרטן פארצוימען.

— קום, — זאָגט הערשל. — און ווו ווועלן מיר פארצוימען, לעם דער שאפע־וואנט?

— אז גאָרנישט ווייסט ער ניט, — טײַנעט הינדע, — אין שאָטן וועט בא דיר עפּעס וואקסן? אף דער זון דארפן מיר אונדזער גאָרטן פארצוימען.

הינדע מיט הערשלען האָבן זיך גענומען פלײַסיק צוימען זייער גאָרטן.

די האק האָט מען זיי אין שטוב ניט געלאָזט נעמען, האָבן זיי איבערגעבראָכן איבער די קני די שטעקלעך און מיט אַ שטיין טיף־טיף אין דער ערד זיי ארײַנגעקלאפּט.

ווען הינדע הייסט עפּעס דערלאנגען, וואַרפט הערשל דאָס קלאפּן און לויפט.

— צוויַיגן ברענג! — שאפט זיך הינדע.

לויפט הערשל איבער די פרישע הרודעס ערד און קלײַבט אָן א הויפן קליינע ריטלעך און צווײַגלעך.

א דרײַעקיקער איז בא הינדען דער גאָרטן — באם פלויט, וואָס צו דער גאס־צו ארויס.

מיט די צוויַיגלעך האָט זי די פּלעקלעך איבערגעפלאָכטן.
די פּלעקלעך זײַנען טרוקענע געווען און די צוויַיגעלעך פּיַכטע, זאַפטיקע און בייגעוודיקע. אָט איז די צוים שוין פאַרטיק.
הערשל קוועלט און גלייבט זיך ניט, אז אין דעם פלויט האָט ער אויך א כיילעק: ער האָט מיט הינדען צוזאמען געאַרבעט.
די זון האָט געבאקט און געדאמפט די פּיַכטקײַט פון דער פרישער נאסער ערד. הינדע מיט הערשלען זײַנען געווען אָפּגעברענטע, פאַר־שוויצטע און מידע־צופרידענע.
— וואָס קוקסטו צום הימל? — פרעגט הינדע.
— א רעגן... ווען וועט גיין א רעגן, קוק איך, — זאָגט הערשל ערנסט.

איציק קיפּניס



— וואָס פאַר א נוץ ברענגט הינדען און הערשלען די שפּיל אין אַן אייגענעם גאָרטן?

# אין וואלד

איך מיט דער באָבען גייען אוועק אלץ וויַיטער אין וואלד. עס צוויטשערן פייגל, ס׳לאכט א קוקאווקע. גרינע זשאבעס שפרינגען אונ־טער די פיס; צווישן די וואָרצלען, אופהייבנדיק דאָס גאָלדענע קעפּל, ליגט א שטעכלער און היט זיי. ס׳קנאקט א וועווערקע, צווישן די צוויַיגן פון די סאָסנעס גלאנצט אוף איר פוכיקער עק.
אונטער די פיס ליגט ווי א פּרעכטיקער טעפּיך דער מאָך, אויסגע־האָפטן מיט ברוסניצעס און טרוקענע פעדעם פון זשוראווינעס. ס׳פינקלען מאלינעס אין גראָז, ווי טראָפּנס בלוט, שוואָמען רייצן מיט א שטארקן ריייעך.
פלוצלינג בין איך עפּעס ארײַנגעפאלן אין א טיפער גרוב, בין געזעסן אפן דעק אין א קאלטער קלעפּיקער בלאָטע, ווי אין סמאָלע, און געפילט, אז אליין וועל איך ניט ארויסקריכן. איבערשרעקן די באָבע מיט א געשריי האָב איך ניט געוואָלט. פונדעסטוועגן האָב איך זי א רוף געטאָן.

זי האָט מיך ארויסגעשלעפּט און געזאָגט:
— דאנקען גאָט! גוט, וואָס די גרוב איז א ליידיקע.

זי האָט געוויינט און געלאכט. דערנאָך האָט זי מיך צוגעפירט צום טײַכל, אָפּגעוואשן, ארומגעבונדן די ווונדן מיט איר העמד, צוגעלייגט עפּעס בלעטער, וואָס שטילן דעם ווייטיק, און אוועקגעפירט מיך צו דער בודקע פון א באַן־וועכטער. אהיים האָב איך ניט געקאָנט גיין, כ׳בין שטארק אָפּגעשוואכט געוואָרן.

• • •

איך האָב קימאט יעדן טאָג געבעטן בא דער באָבען:
— לאָמיר ווידער גיין אין וואלד.

זי פלעגט אײַנשטימען, און אזוי האָבן מיר דורכגעלעבט דעם גאנצן זומער, ביזן שפּעטן הארבסט, קלײַבנדיק גראָזן, יאגעדעס, שוואָמען און ניס. דאָס אָנגעקליבענע פלעג די באָבע פארקויפן און דערפון האָבן מיר זיך אויסגעהאלטן.

איינמאָל אין אזא פארנאכט, אָנקלײַבנדיק ווײַסע שוואָמען, זײַנען מיר אפן וועג אהיים ארויס צום עק וואלד; די באָבע האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען, און איך בין ארײַן צווישן די ביימער זען, צי ס׳זײַנען ניטאָ נאָך שוואָמען.

פּלוצלינג דערהער איך איר קאָל און זע: זיצנדיק בא דער סטעזשקע, שנײַדט זי רויִק אָפּ די וואָרצלען פון די שוואָמען, און לעבן איר שטייט, ארויסהענגענדיק די צונג, א גרויער דארער הונט.
— גיי פונדאנען, גיי! — זאָגט די באָבע. — גיי זיך געזונטערהייט!

איך בין ארויסגעלאָפן אף דער סטעזשקע, דער הונט האָט זיך מאָדנע צונויפגעבויגן, ניט דרייענדיק מיטן האלדז, א קוק געטאָן אף מיר מיט א גרינעם בליק פון די הונגעריקע אויגן און איז אנטלאָפן אין וואלד, אופ־הייבנדיק דעם עק. ער האָט זיך אופגעפירט גאָרניט ווי א הונט, און ווען איך האָב א פײַף געטאָן, האָט ער זיך ווילד געלאָזט לויפן אין די קוסטעס.

— האָסט געזען? — האָט די באָבע שמייכלענדיק געפרעגט. — איך האָב פון אָנהייב א טאָעס געהאט, כ׳האָב געמיינט, אז דאָס איז א הונט, איך קוק — ציין וועלפישע און דער האלדז אויך אזא! איך האָב זיך אפילע דער־שראָקן: נו, זאָג איך, אויב דו ביסט יאָ א וואָלף, טאָ גיי פונדאנען! גוט, וואָס זומער זײַנען די וועלף רויִקע...

זי האָט קיינמאָל ניט געבלאָנדזשעט אין וואלד, זי האָט אָן א שום טאָעס געוווּסט אויסצוקלײַבן דעם וועג אהיים. לויט די רייכעס פון די

גראָזן האָט זי געוווּסט, וועלכע שוואָמען דאַרפֿן זײַן אויף דעם אָרט, וועל־
כע — אויף א צווייט אָרט, און אָפֿט האָט זי מיך עקזאַמענירט.
— וואָס פֿאַר א בוים האָט ליב געלע שוואָמען? ווי אַזוי אונטער־



שיידסטו א גוטן שוואָם פון א גיפטיקן? און וואָס פאר א שוואָמען האָבן ליב פעדערגראָז?

לויט די ניט־קענטיקע ראַצן אף דער קאָרע פון א בוים פלעג זי מיר אָנווײַזן א נעסט פון א וועווערקע. איך פלעג ארופקריכן אפן בוים און אויסליידיקן די נעסט, ארויסנעמענדיק פון דאָרט די זאפּאסן ניס אף ווינ־טער; טיילמאָל זײַנען זיי אין דער נעסט געווען ביז א צען פונט.

איינמאָל, ווען איך בין געווען פארנומען מיט אזא ארבעט, האָט עפּעס א יעגער ארײַנגעשאָסן מיר אין דער רעכטער זײַט קערפּער צוואנציק קײַ־קעלעך שרויט, עלף האָט די באָבע ארויסגעקראצט מיט א נאָדל, און די איבעריקע זײַנען געזעסן בא מיר אין פלייש יאָרן, ארויסגייענדיק ביס־לעכווײַז אליין.

דער באָבען איז געפעלן געוואָרן, וואָס איך פארטראָג געדולדיק די ווייטיקן.

**מאקסים גאָרקי**



— דערצייל וועגן דעם, ווען ביסטו צום ערשטן מאָל געווען אי־ן וואלד.

— זעץ איבער אף רוסיש די נעמען פון דיביימער: דעמב, צעדער, סאָסנע, ליפּע, נוסנבוים, עפּלבוים, בארנבוים, ווײַנשלבוים, פלוי־מענבוים, קארשנבוים.

— וועלכע שוואָמען וואקסן אין וואלד?

— צי האָט דאָס ײַנגעלע ריכטיק געטאָן, אויסליידיקנדיק די נעסט פון דער וועווערקע און צוגענומען איר זאפּאס ניס אף ווינטער?



**לייג נישט אָפּ אף מאָרגן דאָס, וואָס דו קאָנסט הײַנט באַזאָרגן.**



**א ביסל און א ביסל ווערט א פולע שיסל.**

# אנטאַרקטידע

די אנטאַרקטידע — דער זעקסטער קאָנטינענט פון אונדזער פּלאַנעטע, וועלכער געפינט זיך הינטער דעם דאָרעמדיקן פּאָליאַר־קרײַז און פאַרנעמט לויט דער טעריטאָריע קימאַט אַזאַ שטעח, ווי אייראָפּע און אויסטראַליע צוזאַמען גענומען, — האָבן דעם 28 יאַנוואַר 1820 אַנטדעקט די רוסישע יאַמ־לײַט אונטער דער אָנפירונג פון פ. פ. בעלינסגאַוזען און מ. פּ. לאַזאַרעוון בעשאַס זייער באַרימטער רײַזע אַרום דעם ערדקײַלעך אויף די זעגלשיפן „וואָסטאָק" און „מירני". ביז אָט דעם דרייסטן רייס זייערן זײַנען שוין געווען פרוּוון אַרײַנצודרינגען אין דעם סוידעספּולן דאָרעמדיקן פּאָליאַר־קרײַז, נאָר ניט קיין געלונגענע. אין 1773 האָבן די ענגלענדער אונטער דער קאָמאַנדע פונעם קאַפּיטאַן דזשעמס קוק דורכגעשניטן אויף זייערע שיפן עטלעכע מאָל דעם דאָרעמדיקן פּאָליאַר־קרײַז, נאָר דעם מאַטעריק ניט געפונען. אומקערנדיק זיך פון דער עקספּעדיציע, האָט קוק געמאָלדן: „קיין איין מענטש וועט קיינמאָל זיך ניט דערוועגן דורכדרינגען אויף דאָרעם ווײַטער, ווי ס'האָט זיך מיר אײַנגעגעבן". נאָך קוקס קאַטעגאָרישער מעלדונג האָט טאַקע קיינער ניט געוואָגט לאָזן זיך מיט אַן עקספּעדיציע אַהין, אויסער די רוסישע יאַמלײַט. און כאָטש „וואָסטאָק" און „מירני", אויף וועלכע זיי האָבן זיך געלאָזט אין אָט דעם ווײַטן און שווערן וועג, זײַנען טעכניש געווען שוואַכער אויסגעשטאַט, איידער די שיפן פון קוקס עקספּעדיציע, זײַנען זיי אַרײַנגעדרונגען ווײַטער און אַנטדעקט דעם קאָלאָסאַלן מאַטעריק, די אַנטאַרקטידע, וועלכע איז באַדעקט מיט אַן אײַז־פּאַנצער פון צוויי הונדערט מעטער ביז צוויי קילאָמעטער די גרעב.

הײַנטצוטאָג געפינען זיך אויף דער אַנטאַרקטידע שוין אַ ריי וויסנשאַפטלעכע סטאַנציעס מיט גוט אויסגעשטאַטע לאַבאָראַטאָריעס און וואַרשטאַטן, עלעקטראָסטאַנציעס און וווינונגס־געבײַדעס, אויף דער ראַדיאָמאַטשטע פון דער אָבסערוואַטאָריע אויפן פונקט „מירני" פלאַטערט די מעלוכישע פאָן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. ניט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, — בייזע ווינטן, ווירבלענדיקע זאַווייעס און פראָסט, וועלכע דערגרייכן ביז זעכציק גראַד און העכער, — ווערט דאָרט געפירט אַ ברייטע און אינטענסיווע וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגס־אַרבעט.

די אַנטאַרקטידע רינגלען אַרום די וואַסערן פונעם אינדישן, שטילן און אַטלאַנטישן אָקעאַנען און בילדן צוזאַמען געגומען די אַנטאַרקטיק. דער קלימאַט איז דאָ דער האַרבסטער אין פאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע וואַסערן פונעם וועלט־אָקעאַן. די זון ווײַזט זיך זייער זעלטן. באַנאַכט איז שטאָק־

פינצטער. דער הימל איז שוואַרץ, ווי סאַזשע. מע זעט נישט ניט די לעוואַ־נע, ניט קיין שטערן. לאַכלוטן. אָפּט ווילדעווען דאָ אַנטאַרקטישע שנייִקע פּוגעס. זייער זעלטן קאָן מען אָף אָט די ניט־היימלעכע ראַכוועסן באַגעגענען אַ שיף. דערפאַר איז דאָ פיל און פול מיט שווימענדיקע אײַזבערג, וועלכע טײלן זיך אויס אַפן אַרומיקן טונקל־גרויען פאָן מיט זייער קלאָרער ווײַס־קײַט. זעען אויס, ווי אַלטערטימלעכע זילבערנע פּאַלאַצן מיט אויסטערלישע טעראַסעס, קאָלאָנעס, באַלקאָנען. די הייך פון די אײַזבערג דערגרייכט פון פערציק ביז פינף הונדערט מעטער, און דאָס שטעלט מיט זיך פאָר נאָר דער טייל, וועלכער געפינט זיך איבערן וואַסער, — דאָס הייסט איין פינפטכייי־לעק פונעם אײַזבאַרג. די איבעריקע פיר כאַלאָקים געפינען זיך אונטערן וואַסער. די לענג פון די אײַזבערג דערגרייכט הונדערט אַכציק קילאָמעטער און מער. ווי ס'האָבן אונטערגעכעזשבנט די געלערנטע, וועגט אַן אײַזבאַרג, וואָס האָט די לענג איין קילאָמעטער און צוויי הונדערט מעטער, — 62 מי־ליאָן טאָן. קעדיי אַריבערפירן אַזאַ אײַזבאַרג, וואָלט נייטיק געווען אַן ערעך 4.200.000 גרויסע פראַכט־וואַגאָנען.

אין דער אַנטאַרקטיק איז ניט צו זען קיין גרינענדיקע בלעטער. דאָ וואַקסט גאָרנישט ניט עס קאָן מאַכן אַן אײַנדרוק, אַז דאָ איז ניטאָ קיין לעבן. אינדערעמעסן איז דאָס ניט אַזוי — דאָ לעבן אַ סאַך פייגלען. דער גרעסטער טייל פון זיי — פינגווינען. פון פאַרשיידענע מינים. דער אימפּע־ראַטאָרישער פינגווין איז העכער פון אַ מעטער, וועגט פערציק קילאָגראַם. בעשאַס ער שטייט אָדער גייט, איז ער פונדערווײַטן זייער ענלעך אָף אַ מענטשן, וואָס איז אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פראַק מיט לאַנגע פאָלדן און אין אַ ווײַסער מאַנישקע. די פינגווינען האָבן ניט קיין מוירע פאַר קיין קעלט. בא אַ פראָסט פון 50 — 60 גראַד לייגט אָפּ אַ פינגווינעכע אַן איי פון אַ האַלבן קילאָ אָפן אײַז, נעמט עס נאָכדעם צווישן די לאַפּעס און וואַ־רעמט מיט איר קערפּער. זיבן וואָכן שטייט זי איבערן איי, ביז עס פּיקט זיך ניט אויס אַ קליין פינגווינעכל. אין מעשעך פון די זיבן וואָכן עסט זי גאָרנישט, לעבט אָפן כעזשבן פונעם אָנגעזאַמלטן פעטס.

אַ צווייטן מין פויגל שטעלן מיט זיך פאָר די אַלבאַטראָסן. אָפן ערד־קײַלעך זײַנען פאַראַן, ווי עס ווײַזן אָן די געלערנטע, אומגעפער הונדער־טער מיליאַרד פייגלען. דרײַ מיליאַרד פון זיי זײַנען יאַם־פייגלען. און דער סאַמע גרעסטער פויגל, וואָס שוועבט איבער די אָקעאַן־ראַכוועסן, איז דער אַלבאַטראָס. ער איז זייער שיין. ער פאַרמאָגט אַ ווײַסע ברוסט, אַ לאַנגן שטאַרקן שנאָבל, מעכטיקע פליגלען. יעדער פליגל — פיר מעטער די לענג. די אַלבאַטראָסן טראָגן זיך אומדערמידלעך איבער די אומענדלעכע וואַסערן,

און אײן מעשער פון א יאָר מאכן זײ א קרײַז ארום דעם ערדקײַלעך. נאָר ווי ווײַט זײ זאָלן ניט פארפליִען, קערן זײ זיך אום צוריק אף יענע אינדז־לען, ווו זײ זײַנען געבוירן געוואָרן, קעדײ דאָ, אפן זעלבן אָרט, ברענגען און אויסכאָווען א נײַעם דאָר.

די אנטארקטיק איז אויך רײַך מיט פיל מילך־שפּײַזנדיקע באשעפע־נישן, מיט יאם־העלפאנדן, יאם־לײבן, יאם־לעמפּערטן, יאם־הינט, קראבן־פרעסער און וואלפישן.

וואלפישן זײַנען די נוצלעכסטע באשעפענישן. באם איבערארבעטן בא־קומט מען פון זײ ארויס פיל ווערטפולע פּראָדוקטן. זײער פעטס גײט אף מארגארין, ליארד, ווערט אויסגעניצט אין דער מעדיצין, אין דער אינדו־סטריע. מיטן פלײש פון די וואלפישן דערנערט מען זיך אין פיל לענדער, באזונדערס אין נאָרוועגיע, ענגלאנד, אפּאָניע. קײן שום פּראָדוקט פאר־מאָגט ניט אזויפיל וויטאמינען, ווי די לעבער פון א קאשאלאָט. א לעבער, וואָס וועגט, צום בײַשפּיל, פיר הונדערט קילאָגראם, אנטהאלט אין זיך אזוי־פיל וויטאמינען, ווי הונדערט טאָן ערשטסאָרטיקע פּוטער אָדער ווי פינף מיליאָן אײער. דער וויטאמין פון לעבער איז א ווערטפולע רעפוע פאר אויגן־קראנקהײַט. ביז גאָר וויכטיקע רעפועס באקומט מען ארויס פונעם מארך. די צײן האָבן די ווערט, ווי העלפאנד־בײנער. דער זעלטענער פּראָ־דוקט — אמברא, וואָס גײט פאר דער פארפומעריע, שאצט זיך טײַערער פון גאָלד. און די פעל פון אײן קאשאלאָט איז אזוי גרויס, אז זי פארבײַט טויזנט אָקסן־פעלן.

דעריבער טאקע לאָזן זיך יאָר־אויס, יאָר־אײַן די וואלפיש־פלאָטי־ליעס אין דעם סאמע אומרויִקסטן אָרט פונעם וועלט־אָקעאן — קײן אנט־ארקטיק אף יאגד נאָך אָט די זײער ווערטפולע קאָלאָסאלע יאם־באשע־פענישן. די וואלפישן שווימען גרופּעסווײַז. דער בלויער וואלפיש איז דער גרעסטער צווישן זײ און ביכלאל אף דער וועלט. די לענג זײַנע דערגרײכט פינף און דרײַסיק מעטער. ער וועגט 150 טאָן, אזויפיל וויפל עס וועגן דרײַ־סיק העלפאנדן אָדער הונדערט און פופציק אָקסן. אינעם אָפענעם פיסק פון אזא באשעפעניש קאָנען פרײַ ארײַנפאָרן און זיך באהאלטן צוויי לאסטמא־שינען. אָט די קאָלאָסאלע באשעפענישן באוועגן זיך גיך, פערציק קילאָ־מעטער א שאָ. זײערע מעכטיקע לונגען נעמען ארײַן אין זיך אײן אָטעם ארום פופצן טויזנט ליטער לופט. אונטערן וואסער געפינען זײ זיך ניט לאנג, א מינוט זעכצן, נאָכדעם גיבן זײ א שווים ארוף און לאָזן ארויס די אָפּגעארבעטע הײסע לופט, אופהײבנדיק מיט דעם אײנס נאָכן אנדערן אָנ־דערהאלבן צענדליק פאָנטאנען פון אכצן מעטער די הײך.

נאָטע לוריע

# א פּרימאָרגן אין טײַגע

די טײַגע כאַפּט זיך אויף קאַיאָר. די שוואַכע שײַן הייבט זיך קוים אָן דורכשלאָגן דורך די שלאָפנדיקע צווײַגן. דער ערשטער כאַפּט זיך בא מיר אויף דער פּיקהאָלץ. דאָס איז א האַרעפּאַשנער פּאַרשוין, וועלכער ווייסט פּעסט, וואָס ער דאַרף אָפּטאָן פאַרן טאָג. ער פליט ארויס פון זײַן בוים־הייל, קלײַבט אויס אפן שפּיץ פון א הויכער סאָסנע א שישקע, וואָס איז גרעסער פון זײַן פּיצלדיק גופל, צעהאַקט זי מיט גרויס געדולד, דערבײַ לאָזט ער ניט אײַן אף דער ערד קיין איין ניסעלע. אָפּגעגעסן, ווילט זיך א טרונק. פליט ער אראָפּ צו די בוים־וואָרצלען און נעמט זיך מיטן גאַנצן קויער האַקן מיטן שנאָבעלע אין איין פּינטל. א דלובע געטאָן א מאָל צען, שטעלט ער זיך אָפּ און באַטראַכט אויפמערקזאַם די אָפּגעטאָנענע ארבעט. און אָט הייבט אָן רינען א ריטשקעלע דורכזיכטיקע וואַסער. דער פּיקהאָלץ נעמט מיט האַנאָע שטילן זײַן דאָרשט. אים גייט קנאַפּ אָן, וואָס אונטן איז דאָ פאָרגעקומען א גרויסע טראַגעדיע. א לאַנגע צײַט איז דאָ בא די וואָרצלען געווען א געדיכט באַפּעלקערטער מוראַוועשניק — א גאַנצע שטאָט מיט דורכגענג־גאַלערייעס און פאַרפּלאָנטערטע לאַבירינטן, און אָט איז עס אַלץ פאַרניכטעט געוואָרן. אָפּגעטאָן האָט עס מיסטאָמע א קאַבאַן, וואָס האָט זיך אהער פאַרשלעפּט באַנאַכט. ס'איז א גאָטס ראַכמאָנעס צו זען, ווי די צעפּאָלאָכעטע פליײטים עוואַקוירן זיך, נעבעך, אין פאַרשיידענע זײַטן, זוכן א נײַע היים. פאַר די ארומיקע ביימער איז עס א גרויסער שאָדן: זיי ווערן אָן אזעלכע געטרײַע סאַניטאַרן!

העשל ראַבינקאָוו





— וועלכע פייגל לעבן אין דער טײַגע? מיט וואָס נערן זיי זיך?

# דער בער אום ווינטער



לויפט ארום א בער אין וואלד,
אָט־אָ איז שוין ווינטער באלד.
ווינטער,
ווינטער,
ווינטער גייט!
און דער וואלד איז אָן א קלייד,
אָן א פויגל, אָן א נעסט,
גאָר א נאקעטער פאר פרעסט.

אין אזא מין גרויסן,
גרויסן,
קאלטן, ווינטיקן
אינדרויסן —
הוילערהייט,
אָן א קלייד!

שטעלט זיך בער באם ברעג אוועק,
ביידע לאפעס אויסגעשטרעקט:
„פעטער שנייער!
כ׳בעט דיך זייער, כ׳בעט דיך זייער,
ס׳איז דעם וואלד שרעקלעך קאלט,
שיק א צודעק אראָפּ באלד!״

פליט דער פעטער שנייער, פליט ער:
שיט ער, שיט ער, שיט ער, שיט ער
פוך און פוך,
אָן א ברעג,
באלד דעם וואלד שוין צוגעדעקט.
לויפט צוריק אין וואלד דער בער,
פריילעך־דריילעך היין־און־הער —
ס׳פאלט דעם וואלד א קלייד אף ווינטער!
לויפט דער בער, און באלד פארשווינדט ער.

— וווּהין איז ער אַנטלאָפן?
— געגאַן זיך לייגן שלאָפן!

ליב קוויטקאָ



— פאַרוואָס האָט דער בער געבעטן בא דעם שניי, ער זאָל וואָס גיכער צודעקן די ערד?
— וואָס טוען דער בער און אַנדערע וואַלד־כיַיעס, ווען עס קומט דער ווינטער?

# שיך

א ייִד האָט געטראָפן אַף דער גאַס א כעלעמער. זעט ער, אַז דער כעלעמער טראָגט איין שוך א שוואַרצן און איין שוך א ברוינעם. פרעגט ער באַם כעלעמער:

„וואָס איז מיט איַיך, ר׳ ייִד? איר גייט אַרום אין איין שוך א שוואַרצן און אין איינעם א ברוינעם!"

„איר ווערט מיסטאַמע לאַכן, זאָגט אים דער כעלעמער, אָבער אינדערהיים האָב איך נאָך אַזא פּאָר שיך!"



# רעטעניש

וואָס איז אזוינס, ווער טרעפט און זאָגט,
וואָס אף זיך א ביימל טראָגט?
ס'איז אינגאנצן רונד קימאט,
פון אויבן איז דאָס הײַטל גלאט,
דער קאָליר איז געל און רויט,
ווײַס דאָס פלייש אונטער דער הויט:
אינעם פלייש — גריבעלעך,
פינף קליינע שטיבעלעך.
און אין די קעמערלעך
וווינען פינף מענערלעך.
ווײַסע מענער זײַנען זיי,
שווארצע קליידער טראָגן זיי!
יעדעס אין זײַן שטיבעלע,
יעדעס אין זײַן גריבעלע.



# פיר באבעלעך

שפּילן זיך פיר באבעלעך אױף דער זון.

אײנס א רויט באבעלע, אײנס א געלס, אײנס א װײַס, און אײנס א שװאַרצס.

פליִען זײ, פליִען אױף דער זון.

שפּילן זיך, שפּילן זיך.

ערשט זײ דערזעען א זשוק פליט.

זש־זש־זש־זש־זש, — מאַכט דער זשוק.

האָבן זיך די באבעלעך מוירע, דער זשוק װעט באַלד אָנפליִען, װעט ער נאָך מיט די שטעכיקע הערנער זײ די פליגעלעך דורכשטעכן.

— װוּ זשע באהאַלט מען זיך גיכער?

ט׳געכאַפּט דאָס רויטע באבעלע, זיך אַרופגעזעצט אױף א רויט קװײַטעלע.

דאָס געלע — אױף א געל קװײטעלע.

דאָס װײַסע באבעלע — אױף א װײַס קװײטעלע.

און דאָס שװאַרצע באבעלע װײסט ניט, װוּ זיך צו באַהאַלטן.

שטײט עס און װײנט.





פליט א יונגע בין.
מאכט די יונגע בין:
— וואָס וויינסטו, שווארץ באבעלע? דו ביסט דאָך אזא שיינע!
— ווי־אזוי זאָל איך ניט וויינען, — זאָגט דאָס שווארצע באבעלע, — אז אָן־אַ פליט א זשוק מיט שטעכיקע הערנער און זשוזשעט. ער וועט אָנ־פליִען, וועט ער מיר באלד די פליגעלעך דורכשטעכן. אלע באבעלעך האָבן געפונען, ווו זיך באהאלטן, און איך ניט.
— וויין ניט, שווארצינק באבעלע, — זאָגט די יונגע בין. — פלי אוועק אהין אין וועלדעלע, געפין א שווארץ דעמבעלע און שטעל זיך אף א צווײַג, וועט דיך דער זשוק קיינמאָל ניט אָפזוכן.
האָט געפאָלגט דאָס שווארצע באבעלע. אוועקגעפלויגן אין וועלדע־לע, געפונען א שווארץ דעמבעלע, זיך אוועקגעשטעלט אף א צווײַג און שטייט.
געקומען צו פליִען דער זשוק מיט די שטעכיקע הערנער.
— זש־זש־זש, זש־זש, ווו זײַנען די באבעלעך?
— ניטאָ קיין באבעלעך.
— זש־זש, — מאכט דער זשוק. — כ׳וועל פליִען ווײַטער, עפשער וועל איך געפינען באבעלעך עטוואָס נארישערע, זש־זש...
און איז אוועקגעפלויגן.
האָט גענומען דאָס רויטע באבעלע און איז אראָפּ פון רויטן קווייטעלע. דאָס געלע איז אראָפּ פון געלן קווייטעלע. דאָס ווײַסע — פון ווײַסן קוויי־טעלע. זיי זוכן דאָס שווארצע באבעלע און ווייסן ניט, ווו עס איז.
פליִען זיי אוועק אין וועלדעלע און רופן:
— שווארץ באבעלע, ווו ביסטו?
— אָט בין איך! — מאכט דאָס באבעלע. — קוקט זיך צו אין וועל־דעלע אף א שווארץ דעמבעלע. איך זיץ אף א צווײַג און באהאלט זיך פארן זשוק.
— דער זשוק איז שוין לאנג אוועקגעפלויגן, — זאָגן די באבעלעך, — קום אראָפּ. מיר ווייסן ניט, ווו דו ביסט!

איז אראָפּגעפלויגן דאָס באבעלע צו זיי. האָבן זיי ווײַטער דערזען די זון, און זײַנען אוועק זיך שפּילן.

פליִען זיך ארום איבערן וואלד פיר באבעלעך: איינס א שווארצס, איינס א רויטס, איינס א געלס און איינס א ווײַס. שפּילן זיך, שפּילן זיך און האָבן פאר קיינעם קיין מוירע ניט.

איציק קיפּניס



— וויאזוי האָט די בין געהאָלפן דעם שווארצן באבעלע?
— וועלכע נאָך פליִענדיקע אינזעקטן ווייסט איר?

# דאָס טעפּל

א ייִדענע האָט אמאָל געליִען בא א צווייטער א טעפּל. אין א שטיקל צײַט ארום איז די צווייטע ייִדענע געקומען אָפּנעמען דאָס טעפּל. ווען זי האָט עס גענומען אין האנט, האָט זי דערזען, אז עס איז א ביסל צע־בראָכן. האָט זי אָנגעהויבן צו שרײַען: „וואָס האָט איר געטאָן מיט מײַן טעפּל? איר האָט דאָך צעבראָכן דאָס טעפּל, וואָס איך האָב אײַך געליִען!"

ענטפערט די אנדערע ייִדענע: „שא, שרײַט ניט, איך בעט אײַך. ערשטנס, איז דאָס טעפּל גאָרניט צעבראָכן. צווייטנס, איז עס שוין געווען צעבראָכן, איידער איר האָט עס מיר געליִען. און דריטנס, האָב איך בא אײַך קיינמאָל קיין טעפּל ניט געליִען".



# דאָס קעצעלע, וואָס האָט פאַרגעסן, ווי מע בעט עסן

אַמאָל איז געווען אין שטוב אַ קעצעלע. אין דער זעלבער שטוב זײַנען נאָך געווען זעקס פּיצינקע הינטעלעך אויך. פלעגן זיי אײנײנעם שפּילן אַלע טאָג.

אײנמאָל אינדערפרי, דאָס קעצעלע איז נאַרוואָס אופגעשטאַנען און וויל זייער עסן. לויפט עס צו דער באַלעבאָסטע איר עפּעס זאָגן. ערשט זי זעט, זי האָט פאַרגעסן בעטן אַזויווי אַ קעצעלע, און אַלץ, וואָס זי האָט געקענט אויסריידן, איז נאָר געווען: טיאַוו־טיאַוו.

איז אומגעלאָפן דאָס קעצעלע אַ הונגעריקס איבער אַלע צימערן, און צום סאָף איז עס אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן און דאָרט באַגעגנט אַ גניאַדן פערד.

— וואָס ווײנסטו, קעצעלע? — פרעגט דאָס פערד.

— איך וויין, ווײַל איך וויל זייער עסן, — מאַכט דאָס קעצעלע, — איך וויל זייער עסן און איך האָב פאַרגעסן, ווי׳אַזוי אַ קעצעלע דאַרף בעטן. איך ווייס נאָר טיאַוו־טיאַוו. דאַכט זיך, אַז קעצעלעך מאַכן אַנדערש, ווען זיי ווילן עסן?!

— דאָס איז גאָר? — זאָגט דאָס פערד, — און דו גייסט אום אַ הונגע־ריקע. איך קאָן דיך שוין אויסלערנען, ווי מע דאַרף מאַכן בעשאַס מ׳איז הונגעריק. מאַך אַזוי: הי־הי־הי־הי! וועט מען דיר גלײַך ברענגען עסן.

זאָגט דאָס קעצעלע:

— קעצעלעך הירזשען ניט, אַז זיי ווילן עסן.

און איז אוועקגעלאָפן ווײַטער מיט אַ געוויין.

ערשט זי באַגעגנט די גרויע קו פון הויף.

— וואָס זשע ווײנסטו אַזוי, קעצעלע, אינמיטנדערינען? — פרעגט זי די קו.

— איך וויין, ווײַל איך האָב פאַרגעסן, ווי מע בעט עסן, און איך בין זייער הונגעריק...

— ע, — מאַכט די קו, — טאַקע קעדײַ איבער דערויף צו וויינען. דאָס איז דאָך זייער גרינג. הייב אָן מוקען אַזויווי איך. אָט־אָ הער: מו־ו, מו־ו, וועט מען דיר באַלד אַרויסטראָגן עסן.

— ע, ניין, — מאַכט דאָס קעצעלע, — דאָס איז עפּשער קי מוקען אַזוי, ווען זיי ווילן עסן. קעצעלעך מאַכן אַנדערש.

איז אוועקגעלאָפן דאָס קעצעלע ווײַטער. פאַרלאָפן אין פעלד און וויינט זיך זייער ביטער.

ט׳דערהערט דאָס שעפעלע, אז א קעצעלע וויינט. פרעגט עס:

— וואָס וויינסטו, קעצעלע, אזוי ביטער?

— וואָרעם איך בין זייער הונגעריק, — זאָגט דאָס קעצעלע, — און איך האָב פאַרגעסן, וויִאזוי א קעצעלע בעט עסן. טיאוו־טיאוו מאך איך, הערט מיך קיינער ניט.



— אוואדע וועט מען דיך ניט הערן, אז דו וועסט אזוי מאכן, — זאָגט דאָס שעפעלע. — קום, איך וועל דיך אויסלערנען, טײַערינקע. דו וועסט מאכן, מײַן קעצעלע, אזוי: מ־ע־ע־ע! מע־ע־ע!, וועט מען דיר געוויס אונ־טערטראָגן עסן.

— אײַ, ניין, שעפעלע, — מאכט דאָס קעצעלע, — אזוי בעט עפשער א שאָף, אז זי וויל עסן, און א קעצעלע מאכט אנדערש.

און איז אווועקגעלאָפן שוין ווײַטער אף צוריק.

לעם מיסטקאסטן האָט דאָס קעצעלע באגעגנט א ווײַס הינדעלע זיך שאַרן.

— וואָס וויינסטו אזוי, קעצעלע? — שטעלט זיך דאָס הינדעלע אָפּ.

— איך וויין, איך וויל עסן און האָב פאַרגעסן, וויִאזוי קעצעלעך בעטן, ווען זיי זײַנען הונגעריק.

— נעבעך, — זאָגט דאָס הינדעלע, — טאָ קום, קעצעלע, וועל איך דיר ווײַזן, וויאַזוי צו טאָן. עפן דאָס מײַלעכל און מאַך ווי איך: קוך־קודאַך, קוך־קודאַך, וועט מען דיר באַלד אויסשיטן עסן.

— ע, ניין, — מאַכט דאָס קעצעלע, — עפשער בעטן אַזוי הינדעלעך, אַז זיי ווילן עסן. קעצעלעך מאַכן אַנדערש.

און איז אוועקגעלאָפן.

דערווײַל איז אַרויסגעלאָפן פון קאַמער דער קאָטער אַליין און האָט זיך אָפּגערופן:

— און איך וועל דיר טאַקע אָפּאַנעמעסן זאָגן, וויאַזוי אַ קעצעלע מאַכט, ווען ס׳איז הונגעריק. גיי אין קיך, וווּ די באַלעבאָסטע זײַט די מילך איבערן קריגעלע, און זאָג איר: מיאו! מיאו!..

— אַ, — האָט זיך דאָס קעצעלע דערפרייט, — דאָס איז עמעס. אַזוי בעט מען טאַקע עסן.

איז אוועקגעלאָפן דאָס קעצעלע אינדערגיך אין קיך צו דער באַלע־באָסטע און אויסגעשריִען אַ פאַרקלעמטע:

— מיאו! מיאו!..

דערזען דאָס מיידעלע, אַז דאָס קעצעלע איז אַזוי הונגעריק, האָט זי זיך אַזש דערשראָקן.

— טײַער קעצעלע, וויאַזוי דו ביסט, נעבעך, הונגעריק. זע, פאַרוואָס האָסטו מיך אַ גאַנצן טאָג ניט דערמאָנט, אַז דו ווילסט עסן?

און די קליינינקע באַלעבאָסטע האָט אָנגעגאָסן דעם קעצעלע אַ שי־סעלע מיט מילך. דאָס קעצעלע האָט אויסגעלעקט די מילך ביז אַ טראָפּן און שוין מער ניט פאַרגעסן, ווי ס׳בעט אַ קעצעלע, ווען ס׳וויל עסן.

זיי זײַנען געגאַנגען איבער טרעפּ און איבער לייטערס. געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען.

— מיאו, — מאַכט עס, — מיאו, מיאו!

איציק קיפּניס



פון אַ̈ײַלעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס.

# דער כעלמער קייסער

אמאָל האָט כעלעם געהאַט א קייסער. פלעגט דער קייסער ארומשפאצירן איבער דער שטאָט אין געווײַנלעכע שיך. שיך פון פראָסט לעדער. שיך, ווי אלע שיך. פלעגן זיך מענטשן אין גאס גאָרניט אָפּשטעלן קוקן אפן קייסער. מע האָט אים קיין קאָוועד ניט אָפּגעגעבן. ווײַל מע האָט גאָרניט געוווּסט, אז ער איז א קייסער.

האָט עס די כעלעמער זייער געערגערט: סטײַטש, זייער קייסער גייט אין גאס און קיינער קוקט זיך אף אים ניט אום. דאָס איז דערפאר, ווײַל ער טראָגט געווײַנלעכע לעדערנע שיך.

האָבן די כעלעמער געמאכט אן אסיפע און באשלאָסן, אז זייער קייסער זאָל טראָגן גאָלדענע שיך. ווען ער וועט גיין אין גאס, וועלן אלע דערקענען, אז ער איז דער קייסער און מע וועט אים אָפּגעבן דעם קאָוועד, וואָס ער פארלאנגט.

האָבן די כעלעמער צונויפגענומען דאָס גאנצע צירונג פון גאָלד, וואָס זייערע ווײַבער און טעכטער פארמאָגן, און עס אוועקגעגעבן א גאָלדשמיד, ער זאָל דערפון מאכן גאָלדענע שיך פארן קייסער.

דער קייסער האָט אָנגעטאָן די גאָלדענע שיך און איז ארויסגעגאַן אין גאס שפאצירן. איצט האָבן אלע אים דערקענט, אז ער איז דער קייסער און אים אָפּגעגעבן גרויס קאָוועד.

דערווײַל איז אין כעלעם געוואָרן א גרויסע בלאָטע, האָבן זיך דעם קייסערס שיך אײַנגעשמירט, און מע האָט שוין ניט דערקענט, אז זיי זײַנען גאָלדענע. האָט מען ווידער ניט געוווּסט, אז ער איז דער קייסער. איז כעלעם געווען שטארק פארזאָרגט.

האָט מען גערופן א צווייטע אסיפע, און ס׳איז באשלאָסן געוואָרן, אז דער קייסער זאָל אָנטאָן אף די גאָלדענע שיך פראָסטע לעדערנע שיך, די גאָלדענע זאָלן זיך ניט אײַנשמירן. די גאָלדענע וועלן גלאנצן, ווי גאָלד גלאנצט, וועלן אלע דערקענען, אז ער איז דער קייסער, וועט מען אים אָפּגעבן דעם קאָוועד, וואָס קומט אים.

האָט מען באשטעלט בא א שוסטער פראָסטע לעדערנע שיך. דער שוסטער האָט פארטיק געמאכט די שיך. דער קייסער האָט זיי אָנגעטאָן אף די גאָלדענע און איז ארויס שפאצירן איבער די כעלעמער גאסן.

די לעדערנע שיך האָבן טאקע באשיצט די גאָלדענע פון בלאָטע, אָבער זיי האָבן אויך פארשטעלט דאָס גאָלד. עס האָט זיך ניט ארויסגעזען קיין גלאנץ. און ווען דער קייסער האָט שפאצירט איבער די גאסן, האָט מען ניט

געוווּסט, אַז דאָס איז דער קייסער און מע האָט אים ניט אָפּגעגעבן קיין קאָווייעד.

האָבן די כעלעמער ווידער געהאַט גרויס צאַר און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. האָבן זיי ווײַטער גערופן אַן אַסיפֿע און באַשלאָסן צו מאַכן אַין די לעדערנע שיך גרויסע לעכער, קעדיי ס׳זאָל זיך דורך זיי אַרויסזען דאָס גלאַנציקע גאָלד. וועט מען שוין וויסן, אַז דאָס איז דער קייסער.

איז מען אַוועק צום שוסטער. דער שוסטער האָט געמאַכט אין די שיך גרויסע לעכער — פֿון פֿאָרנט, און פֿון הינטן, און באַ די זײַטן. דער קייסער האָט אָנגעטאָן די געלעכערטע לעדערנע שיך איבער די גאָלדענע און זיך געלאָזט אין די כעלעמער גאַסן.

איז אָבער די כעלעמער בלאָטע געווען זייער גרויס, די בלאָטע האָט פֿאַרשמירט די לעדערנע שיך און איז אויך דורכגעקראָכן דורך די לעכער צו די גאָלדענע שיך און זיי אויך פֿאַרשמירט. האָט מען שוין דורך די לע־כער ניט געקאָנט זען דאָס גאָלד, און מע האָט ווײַטער ניט געוווּסט, אַז דאָס גייט דער קייסער, און מ׳האָט זיך אַף אים ניט אומגעקוקט.

איז ווידער געווען שלעכט, און מע האָט ווײַטער פֿאַרופֿן אַן אַסיפֿע, ווו מע האָט באַשלאָסן פֿאַרשטאָפּן די לעכער מיט שטרוי. דאַן וועט זײַן גוט פֿון אַלע זײַטן. אי דאָס גאָלד וועט ניט פֿאַרשמירט ווערן, אי מע וועט וויסן, אַז דאָס גייט דער קייסער.

האָט מען געקויפֿט אַ בינטל שטרוי און פֿאַרשטאָפּט די לעכער. דער קייסער האָט געטראָגן אי גאָלדענע שיך, אי לעדערנע שיך, וואָס זײַנען מיט לעכער, און די לעכער זײַנען געווען פֿאַרשטאָפּט מיט שטרוי.

איז אָבער ווײַטער אַ צאָרע: ווען דער קייסער איז געגאַנגען איבער די גאַסן, האָט מען ניט אַרויסגעזען דאָס גאָלד איבער דער שטרוי, מע האָט ווײַטער ניט געוווּסט, אַז דאָס גייט דער קייסער און ער האָט קיין קאָ־ווּעד ניט געקראָגן.

האָבן זיך די כעלעמער ווידער פֿאַרזאַמלט, און זיי זײַנען געפֿאַלן אַף אַזאַ פּלאַן: דער קייסער זאָל טראָגן זײַנע גאָלדענע שיך אין די הענט. דער־מיט וועלן זיי שוין זײַן באַוואָרנט פֿון דער בלאָטע. אין דער זעלבער צײַט וועלן אַלע וויסן, אַז דאָס גייט דער קייסער. וואָס איז שײַעך דעם קייסערס פֿיס — דאָ זאָל שוין דער קייסער אָנטאָן די גרויסע לעדערנע שיך מיט די גרויסע לעכער, וועלכע זײַנען פֿאַרשטאָפּט מיט שטרוי.

איצט האָבן אַלע געוווּסט, אַז דאָס איז דער קייסער. ווײַל ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט ער מיט זיך געטראָגן די גאָלדענע שיך און זיי געהאַלטן אויסגעשטרעקט פֿאַרן גאַנצן עולם.

# ווי:אזוי כעלעם איז געבליבן אָן בעטגעוואנט

אין כעלעם האָט אמאָל אָפּגעברענט די באָד. און אזויווי קיין געלט אופּצובויען א נײַע באָד האָט די שטאָט ניט פארמאָגט, האָבן זיך די שטאָט־לײַט ניט געוואשן און געהאלטן אין איין קראצן זיך, ווײַל ס׳האָט זיי נע־בעך שטארק געביסן.

וואָס זשע טוט מען? האָט מען געמאכט אן אסיפה, געטראכט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, און מ׳האָט זיך דערטראכט, מע זאָל ארויסשיקן דרײַ אָנ־געזעענע באלעבאטים פון שטאָט אין דער גרויסער וועלט, זיי זאָלן זאמלען נעדאָוועס אף אויסבויען א נײַע באָד.

געזאָגט — געטאָן.

זײַנען ארויסגעפאָרן אין דער גרויסער וועלט ארײַן דרײַ קליגסטע כעלעמער באלעבאטים. ווען ייִדן אף דער וועלט האָבן דערהערט, אז כע־לעם איז, פאר קיין שטאָט געדאכט, געבליבן אָן א שוויצבאָד, האָט זיך קיי־נער ניט אָפּגעזאָגט צו געבן זײַן נעשאָווע כאדאָשים. לאנג האָבן די דרײַ קליגסטע באלעבאטים פון כעלעם געוואנדערט פון שטעטל צו שטעטל, ביז זיי האָבן אָנגעזאמלט דאָס גאנצע געלט, וואָס איז נייטיק אופּצובויען א נײַע באָד.

ווען זיי האָבן שוין געדארפט אומקערן זיך קיין כעלעם, איז בא זיי געוואָרן א שײַלע: וואָס טוט מען מיטן געלט? אזויווי אין דער געגנט פון כעלעם גייען ארום מאכנעס גאזלאָנים, קאָנען נאָך די גאזלאָנים זיי באפאלן און צורויבן בא זיי דאָס גאנצע אָנגעזאמלטע געלט.

האָבן די דרײַ קליגסטע כעלעמער באלעבאטים געטראכט און געטראכט.

און ס׳איז בא זיי געבליבן: זיי וועלן פארן גאנצן געלט קויפן סכוירע, און די סכוירעס אָפּשיקן מיט וועגענער אהיים קיין כעלעם.

האָבן זיי ווידער מוירע געהאט: וואָס וועט זײַן, אז די גאזלאָנים וועלן באפאלן די וועגענער און צונעמען די סכוירע? וועט דאָך כעלעם ווײַטער פארבלײַבן אָן א באָד!

האָבן זיי געטראכט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט און ס׳איז בא זיי גע־בליבן: די בעסטע און זיכערסטע אייצע איז, מע זאָל קויפן פארן גאנצן געלט פעדערן און די פעדערן אָפּשיקן מיטן ווינט קיין כעלעם. איצט וועט שוין קיין סאקאָנע ניט זײַן.

און אזוי האָבן זיי געטאָן. געקויפט פעדערן, אָפּגעוואַרט אף א גוטער שאָ, ווען דער ווינט וועט בלאָזן, און אָפּגעלאָזט מיט אים די פעדערן. זיי אליין האָבן זיך רויִק און צופרידן געלאָזט אהיימפאָרן קיין כעלעם.



ווען זיי זײַנען געקומען קיין כעלעם, האָט זיי די שטאָט באַגעגנט מיט גרויס קאָוועד. אַלע האָבן זיך געפרייט, וואָס ס׳איז שוין דאָ געלט אויף אַ נײַער שוויצבאָד. מע וועט גיין אין באָד אַרײַן, און מע וועט זיך אויפהערן צו קראַצן.

— ווו איז דאָס געלט? — פרעגט מען זיי נאָך דעם, ווי מע האָט זיך מיט זיי געענוג אָנגעפרייט.

דערציילן די דרײַ כאַשעווע און קלוגע שעליכים, אַז זיי האָבן מוירע געהאַט צו פירן דאָס געלט מיט זיך, טאָמער וועלן זיי באַפאַלן גאַזלאָנים. האָבן זיי באַשלאָסן צו קויפן פאַרן געלט סכוירע און אָפּשיקן די סכוירע אַהיים. האָבן זיי ווידער מוירע געהאַט, טאָמער וועלן די גאַזלאָנים באַפאַלן די וועגענער מיט דער סכוירע און זי אַוועקראַבעווען, האָבן זיי באַשלאָסן צו קויפן פאַרן געלט פעדערן און זיי אָפּשיקן קיין כעלעם מיטן ווינט. און אַזוי האָבן זיי געטאָן. איצט איז שוין קיין סאַקאָנע ניט פאַראַן.

איז אין כעלעם געוואָרן אַ גרויסע סימכע. אַ קלייניקײַט, פעדערן! אַ זיכערע סכוירע, וואָס לאָזט זיך גיך פאַרקויפן און מע קאָן אויף איר גוט פאַרדינען.

וואַרט מען אויף די פעדערן. מע וואַרט אַ טאָג, צוויי. גאַנץ כעלעם האַלט אין איין אַרויסגיין הינטער דער שטאָט באַגעגענען די פעדערן. אָבער מע זעט ניט און מע הערט נישט.

— מינאַסטאַם האָבן זיי פאַרשפּעטיקט אין וועג, — האָבן זיך די כעלעמער געטרייסט: אַ מענטש קאָן אויך פאַרשפּעטיקן, און פעדערן אוודאי...

ס׳זײַנען אוועק נאָך עטלעכע טעג. און די פעדערן האָבן זיך אַלץ ניט באוויזן.

האָט כעלעם געמאכט א גרויסע אסיפע. מ׳האָט געטראכט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, און ס׳איז געבליבן: אזויווי די פעדערן זײַנען נאָך קיינ־מאָל אין כעלעם נישט געווען, ווייסן זיי ניט דעם וועג און בלאָנדזשען נעבעך ארום ערגעץ אין דער וועלט.

וואָס זשע טוט מען? ווער וועט זיי אָנווײַזן דעם וועג קיין כעלעם?

האָט מען ווידער געטראכט דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, און ס׳איז גע־בליבן, מע זאָל קעגן די פרעמדע פעדערן ארויסשיקן די היגע פעדערן, זיי וועלן זיך באגעגענען אפן וועג און צוזאמען קומען צו פליִען קיין כעלעם.

און אזוי האָט מען געטאָן. גאנץ כעלעם האָט ארויסגעטראָגן דאָס בעטגעוואנט הינטער דער שטאָט, אופגעטרענט די קישנס און אוועקגעלאָזט די פעדערן מיטן ווינט.

כעלעם איז פארבליבן אָן א שוויצבאָד און אָן בעטגעוואנט.



# צוויי ברידער

(א מײַסעלע)

אמאָל האָבן געלעבט צוויי ברידער. דער עלטערער האָט ניט געהאַט קיין ווײַב און קיין קינדער, דער ייִנגערער האָט געהאַט א ווײַב מיט עטלעכע קליינע קינדער. זיי זײַנען געווען אָרעמע ערדאַרבעטער, און כאָץ זייער שטיקל ערד, א יערושע פונעם פאָטער, האָבן זיי מער גאָרניט געהאַט. די ברידער האָבן ניט געוואָלט צעטיילן צווישן זיך די יערושע, ווײַל זיי האָבן ליב געהאַט איינער דעם צווייטן. זיי פלעגן באַארבעטן צוזאַמען די ערד און דערנאָך זיך צעטיילן מיט די גאַרבן פּונקט אָף דער העלפט.

איינמאָל נאָכן אָפּשנײַדן די טווּע איז דער עלטערער ברודער געלעגן אָף זײַן געלעגער און ניט געקאָנט אײַנשלאָפן: געקלערט וועגן זײַן ברודער. „ער איז מיט א פרוי און קינדער, און איך בין מיר איין מענטש אָף דער וועלט, וואָס דאַרף איך? — אָפּעסן און גאָר! פאַר וועמען האָב איך צו זאָרגן? הײַנט וויאַזוי זשע נעם איך דאָס פון דער טווּע אַזאַ טייל ווי מײַן ברודער? דאָס איז קיין יוישער ניט”. ער איז אופגעשטאַנען אַרום האַלבע נאַכט פון זײַן געלעגער און איבערגעלייגט אין דער שטיל א טייל פון זײַנע גאַרבנס אין דעם ברודערס טווּע. אָפּגעטאָן עס, האָט ער זיך געלייגט אָפן געלעגער און איז אײַנגעשלאָפן.

אין דער זעלבער נאַכט האָט אויך דער ייִנגערער ברודער ניט געקאָנט אײַנשלאָפן. ער איז געלעגן און געטראַכט וועגן זײַן עלטערן ברודער: „א ראַכמאָנעס אָף אים, ער איז נעבעך עלנט. איך האָב מיר א ווײַב מיט קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זײַן. אָף דער עלטער וועלן זיי מיך אויסהאַלטן, אָבער וואָס וועט מיט אים זײַן אָף דער עלטער? הײַנט וויאַזוי זשע טיילן מיר דאָס די טווּע פונעם פעלד פּונקט אָף דער העלפט? דאָס איז קיין יוישער ניט — ער דאַרף באַקומען א גרעסערן טייל”. און פאַרטאָג איז ער אופגעשטאַנען, שטילערהייט איבערגעלייגט א טייל פון זײַנע גאַרבנס אין דעם ברודערס קופּע, זיך צוריקגעלייגט און אײַנגעשלאָפן.

אָף מאָרגן זעען ביידע ברידער, אַז זייערע קופּעס זײַנען ביידע גלײַך, אַזויפיל גאַרבנס אין יעדער קופּע, ווי געווען. האָבן זיי זיך געוווּנדערט, נאָר געשוויגן.

אין דער אַנדערער נאַכט האָבן די ברידער ווידער געטאָן דאָס, וואָס זיי האָבן נעכטן געטאָן, און אָף מאָרגן אינדערפרי האָבן זיי דערזען, אַז זייערע קופּעס זײַנען ווידער גלײַך. האָבן זיי זיך נאָך מער געוווּנדערט.

אין דער דריטער נאכט, ווען די ברידער האָבן געטראָגן זייערע גארבנס איינער צום אנדערן, האָבן זיי זיך באגעגנט אינמיטן וועג. די ברידער האָבן מיט טרערן אין די אויגן גענומען קושן און האלדזן איינער דעם צווייטן.



— וואָס באווײַזט, אז ביידע ברידער האָבן געטראכט גוט איינער וועגן דעם אנדערן?

— צי קאָנט איר דערציילן וועגן נאָך אזעלכע ענלעכע פאלן, ווען קרויווים אָדער אפילע פרעמדע מענטשן טוען גוטס איינער דעם אנדערן?



# שפּיל

(שפּיל)

(מע שטעלט אויס שטולן, מיט איין שטול
ווייניקער ווי די קינדער)

רונד, רונד, רינגל־רונד!
ס׳בילט דער הונט,
ס׳מילט די קאַץ:
האָו, האָו, מיאָו!.. (3 מאָל)



(גיך)

כאַפּט א פּלאַץ!

(די קינדער צעלויפן זיך כאַפּן פּלעצער)

די זיצנדיקע: (צום געבליבענעם אָן א פּלאַץ)

ביסט געבליבן אָן א שטאָט,
פיר די ראָד, פיר די ראָד!

דער נײַער פירער:

רונד, רונד, טריט בא טריט,
ס׳גייען אלע קינדער מיט.
שטיל, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט!
הוש — הוש — הוש!
כאַפּט אַן אָרט!



(ווי פריִער)

קינדער רופן: „מאַמע, עסן!
האָסט די קינדערלעך פארגעסן!״
— וואָס זשע ווילט איר?
מאַמע, פיש!
הוש — הוש — הוש! שנעל צום טיש!



(ווי פריִער)

# פאַרוואָס באַם קעמל
# איז אויסגעוואַקסן א הויקער

איך וויל אײַך דערציילן א שיינע מעשׂה, א מעשׂה וועגן דעם, וו:אזוי באַם קעמל איז אויסגעוואַקסן א גרויסער הויקער אפן רוקן.

אמאָל־אַמאָל, ווען די וועלט איז נאָך געווען גאָר א נײַע און ווען די חיות האָבן ערשט אָנגעהויבן ארבעטן פאר דעם מענטשן, האָט גע־לעבט אף דער וועלט א קעמל, און ער האָט זיך באַזעצט אין סאַמע מיטן פון א וויסטן מידבער, ווײַל ער האָט ניט געוואָלט ארבעטן און איז געווען זייער אַן אָנגעבלאָזענער. ער פלעגט עסן גראָז און דערנער, — און אפילע דאָס האָט ער זיך אויך געפוילט צו טאָן. און ווען עמעץ פלעגט אים עפּעס זאָגן אָדער פרעגן, פלעגט ער אים נאָר ענטפערן: „הויקער, הויקער!" — און מער גאָרניט.

איז איינמאָל אין א שיינעם פרימאָרגן געקומען צו אים א פערד מיט א זאָטל אפן רוקן, און מיט א צײַמל אין מויל, און האָט אים געזאָגט:

— קעמל, קעמל, גיי אוועק פון דער וויסטע און פּרוּוו לויפן, אזוי ווי איך.

— הויקער, הויקער! — האָט אים געענטפערט דער קעמל.



און דאָס פערד איז אוועק פון אים און האָט וועגן דעם דערציילט דעם מענטשן.

דערנאָך איז צום קעמל געקומען א הונט מיט א שטעקל אין מויל און זאָגט אים:

— קעמל, קעמל, פרוּוו עפּעס נאָכטראָגן דעם מענטשן, ווי איך.

האָט אים דער קעמל געענטפערט:

— הויקער! הויקער! — און מער גאָר ניט.

איז דער הונט אוועק צום מענטשן און האָט אים דערציילט וועגן דעם.

שפּעטער איז צום קעמל געקומען אן אָקס און געזאָגט:

— קעמל, קעמל, גיי אקער די ערד, אזוי ווי איך.

— הויקער! הויקער! — האָט אים געענטפערט דער קעמל און מער ניט געוואָלט רעדן.

און דער אָקס איז אוועק צום מענטשן און האָט אים דערציילט וועגן דעם.

האָט דער מענטש פארופן דעם פערד מיטן הונט מיטן אָקס און האָט צו זיי אזוי געזאָגט:



— פערד און הונט און אָקס, איך האָב אױך אײַך שטאַרק ראַכמאָנעס. די כײַע, וואָס זיצט אין דער ווילדער וויסטע און שרײַט נאָר „הויקער" און „הויקער", טויג מיסטאַמע ניט צו דער אַרבעט, און מע דאַרף זי לאָזן צורו. און ווײַל זי אַרבעט ניט, מוזט איר אַרבעטן אינדרײַען, קעדיי צו פאַרבײַטן זי.

דאָס האָט זייער פאַרדראָסן אַלע דרײַ, דעם פערד מיטן הונט מיטן אָקס, און זיי זײַנען אַוועק צום ברעג פון דער וויסטע און גענומען זיך האַלטן אַן אייצע צווישן זיך, וואָס צו טאָן. און דער קעמל האָט זיך פויל געקײַעט דאָס גראָז און די דערנער און האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיי. דערנאָך האָט ער זיי געזאָגט: „הויקער!", הויקער"! — און איז אַוועק פון זיי.

האָבן אַלע דרײַ, דאָס פערד מיטן הונט מיטן אָקס, אַזוי לאַנג גערעדט און באַראַטן זיך צווישן זיך, ביז זיי האָבן דערזען דעם גרויסן קונצנמאַכער, וואָס איז געווען אַ באַלעבאָס איבער אַלע וויסטעס. ער איז געגאַן, אײַנגעוויקלט אין אַ וואָלקן זאַמד (דערויף איז ער דאָך געווען אַ קונצנמאַכער), און האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ שמועס טאָן מיט די אַלע דרײַען.

— האַר פון אַלע וויסטעס, — האָט געזאָגט דאָס פערד, — איז עס דען רעכט, אַז עמעץ זאָל זיך פוילן, ווען אַלע האָרעווען, און די וועלט איז נאָך אַזוי נײַ?

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין, — האָט זיי געענטפערט דער קונצנמאַכער.

— איך מיין אויך אַזוי, — האָט צוגעגעבן דאָס פערד, — אָבער אָט האָט זיך אין סאַמע מיטן פון דײַן ווילדער וויסטע באַזעצט אַ כײַע, אַן אָנגעבלאָזענע, מיט לאַנגע פיס, מיט אַ לאַנגן האַלדז, וואָס וויל זיך אַפילע ניט אַ ריר געבן צו טאָן אַוועלכע־עס־איז אַרבעט, זי פוילט זיך אַפילע צו לויפן, ווי איך.

— ע־הע! — האָט זיך אָפּגערופן דער קונצנמאַכער, — ס'איז דאָך מײַן קעמל מיט די ביינער, ווי איך בין אַ קונצנמאַכער! און וואָס זשע זאָגט ער, אָט דער פויליאַק?

— ער זאָגט „הויקער", — האָט געענטפערט דער הונט, — און וויל גאָרנישט נאָכטראַגן דעם באַלעבאָס.

— און וואָס נאָך זאָגט ער?

— מער נישט ווי „הויקער", — האָט זיך אָפּגערופן דער אָקס, — און אַקערן וויל ער אויך ניט.

— גוט, — האָט געענטפערט דער קונצנמאַכער (ווײַל ער איז געווען דער האַר פון דער וויסטע), — איך וועל אים שוין פאַרגעבן אַזאַ „הוי־

קער", אז ער וועט מיך האָבן צו געדענקען, זײַט אַזוי גוט און וואַרט נאָר אויס א ווײַלע.

און דער קונצנמאַכער האָט זיך אײַנגעוויקלט אין זײַן מאַנטל און איז אַוועק אין דער וויסטע, ווו ער האָט געטראָפן דעם קעמל, שטייענדיק בא א בלאָטע און שפּיגלענדיק זיך אין איר.

— מײַן לאַנגער פוילער פרײַנט, — האָט צו אים געזאָגט דער קונצנ־מאַכער, — וואָס איז דאָס פאַר א נײַס? עס דערגייען צו מיר קלאַנגען, אַז דו ווילסט גאָר ניט אַרבעטן אין דער דאָזיקער נײַער וועלט.

— הויקער! — האָט אים געענטפערט דער קעמל, ווײַל ער איז שוין אַזוי געוווינט געוואָרן צו ענטפערן.

האָט זיך דער קונצנמאַכער אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און זיך פאַרטראַכט, וואָס ער זאָל דאָ אָפּטאָן דעם קעמל. און דער קעמל, ווי ניט אים מיינט מען, איז זיך ווײַטער געשטאַנען בא דער בלאָטע און זיך אין איר געשפּיגלט.

— דו האָסט געצוווּנגען דרײַען, דעם פערד, דעם הונט און דעם אָקס צו טאָן איבעריקע אַרבעט אין מעשעך פון גאַנצע דרײַ טעג. — האָט אים געזאָגט דער קונצנמאַכער, — און דאָס אַלץ דערפאַר, ווײַל דו ביסט פויל, ווי א קלאָץ.

— הויקער! — האָט אים דער קעמל געענטפערט.

— איך וואָלט דיר ניט געראַטן, דו זאָלסט נאָכאַמאָל זאָגן אָט דאָס וואָרט, — האָט אים ווײַטער געזאָגט דער קונצנמאַכער, — דו באַנוצסט עס צו אָפט. איך וויל, דו זאָלסט, ענדלעך, אָנהייבן אַרבעטן.

נאָר דער קעמל האָט ווידער געענטפערט „הויקער", אָבער ווי נאָר ער האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט, האָט ער דערפילט, ווי זײַן גלײַכער רוקן, מיט וועלכן ער האָט אַזוי שטאָלצירט, הייבט אָן געשוואָלן צו ווערן, אָנבלאָזן זיך, אויסבייגן זיך און פאַרוואַנדלט ווערן אין א גרויסן הויקער (ס'איז דערפאַר, וואָס ער האָט שטענדיק און אַלעמען געענטפערט אַזוי גראָב: „הויקער, הויקער").

— נו, זעסט שוין, — האָט אים דער קונצנמאַכער געזאָגט, — אָט איז אויף דײַן רוקן אויסגעוואַקסן א הויקער, ווײַל דו האָסט גאָרניט געוואָלט טאָן. שוין דרײַ טעג, אַז אַלע אַרבעטן אין דער נײַער וועלט, און איצט וועסטו דאַרפן אָפּאַרבעטן פאַר זיי אַלעמען.

— ווי זשע וועל איך קאָנען אַרבעטן מיט א הויקער אויפן רוקן? — האָט געפרעגט דער קעמל, וועלכער האָט געמיינט, אַז אים וועט נאָך גע־לינגען אויסצודרייען זיך.

— דאָס האָב איך געמאַכט אומישנע, — האָט אים דער קונצנמאַכער געענטפערט, — ווײַל דו האָסט דורכגעלאָזט גאַנצע דרײַ טעג. דערפאַר וועסטו איצטער קאָנען אַפּאַרבעטן אָן עסן און טרינקען דרײַ טעג נאָכאַנאַנד. דײַן הויקער וועט דיר שטילן דעם הונגער. דאָס האָב איך געטאָן, קעדיי דו זאָלסט דערנאָך ניט זאָגן, אַז איך האָב גאָרניט געטאָן פאַר דיר. און איצטער — מאַרש פון דער וויסטע, גיי אַוועק צו די דרײַ און פיר זיך אויף, ווי עס דאַרף צו זײַן. נו, לעבעדיקער, ריר זיך!

און דער קעמל האָט פאַרנומען מיט זיך זײַן הויקער און איז אַוועק פון דער וויסטע צו די דרײַ, צום פערד מיטן הונט מיטן אָקס. און פון דעמלט אָן טראָגט ער שטענדיק אַ הויקער אויפן רוקן. נאָר וויפל ער אַרבעט ניט, קאָן ער נאָך אַלץ ניט באַצאָלן פאַר יענע דרײַ טעג אַרבעט, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט, ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט אויסלערנען פירן זיך, ווי עס דאַרף צו זײַן.

דזשאָזעף רעדיאַרד קיפּלינג





— צי קאָן זיך עפּעס אָפּלערנען פון אָט דעם מײַסעלע אַ מענטש, וועלכער האָט ניט ליב צו אַרבעטן?

— רופט אָן נאָך אייניקע באַלעכאַים, וועלכע דער מענטש ניצט אויס אין זײַן ווירטשאַפט אָדער וועלכע העלפן אים אין דער אַרבעט.






פיר ברידער זײַנען זיי.
אלע קומען לויט דער ריי.
קומען אײנציקווײַז צו גיין.
יעדער מיט זײַן רייץ און כיין —
איינער פריש און גרין, ווי גראָז,
איינער מיט א ווײַסער נאָז,
איינער מיט צעבליטער בלום.
איינער גרוי, פארשלאָפן, שטום.

צוויי מאמעס האָבן צו פינף קינדער, אלע קינדער הייסן מיט איין נאָמען.



זיבן, זיבן זײַנען מיר,
זיבן גוטע ברידער,
זיבן, זיבן, גייען מיר
און מיר קומען ווידער.

# רעטענישן

זאָג, וואָס איז דאָס פאַר א זאַך?
קליידלעך טראָגט עס גאָר א סאַך,
טרערן פליסן אין דער שטיל,
ווען דו עסט עס נאָר צופיל.




עס וווינען ברידער צוויי,
אלע זאכן זעען זיי.
זיי קענען זיך נאָך נישט ביז הײַנט,
כאָטש זיי זײַנען נאָענטע פרײַנט.
ס׳קען די ברידער גרויס און קליין,
זאָג, מײַן קינד, מיר, וועמען כ׳מיין.

האָט קיין פיס ניט און גייט,
האָט קיין מויל ניט און ציילט,
האָט קיין הענט ניט און שלאָגט.

ער גייט און רירט זיך ניט פון אָרט.

ווער גייט און שטייט הענגענדיק?

# אינהאַלט

## די וועלט איז פאַר דיר אָפן

## ווידער מײַ







## מײַן היימלאַנד—
## דער סאָוועטנפאַרבאַנד

## ערשטער יון — דער קינדער־טאָג





## די יִדישע אווטאָנאָמע געגנט — בירא̈בידזשאן





## סאַראַ גליק עס איז — זיך לערנען אין דער שול



## וועגן יושער און גערעכטיקײַט





## פאַרן פרידן צאָלן מיר די גרעסטע פּרײַז



## די ארבעט ברענגט דעם מענטשן גליק און שעפע





## ליבע צו דער נאַטור





## אויף צו לייענען אינדערהיים

## זומער, האַרבסט און ווינטער



# ארן ווערגעליס

לייענבוך פאַר שילער פון דער אָנפאַנג־שול

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 1989, 200 ז.

רעדאַקטאָר כ. ביידער
קינסטלערישער רעדאַקטאָר און מאַקעט —
וו. יעזשקאָוו
געמעלן פון די קינסטלער: וו. יעפימאָוו, י. סלוצקער,
מ. פעטראָוו, ב. ריטמאַן
טעכנישער רעדאַקטאָר וו. נאָוואָסיאָלאָווא
קאָרעקטאָר ב. גערשמאַן

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 680620, כאַבאַראָווסק, סעריישעוו־גאַס, 13

אויסגעזעצט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראַפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִי” פון דער אַלפאַרבאַנדישער פאַרייניקונג „סאָוועקספּאָרטקניגאַ” פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון פססר איבער די איניאָנים פונעם פאַרלאַג־וועזן, פאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 121019, מאָסקווע, אַקסאַקאָוו־געסל, הויז נומ. 13

אָפּגעדרוקט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער פאַבריק „דיעט־סקאיאַ קניגאַ” נומ. 1 פון „ראָסגלאַוופּאָליגראַפּפּראָם” פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון רספסר איבער די איניאָנים פונעם פאַרלאַג־וועזן, פאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 103030, מאָסקווע, סושטשעווסקי וואַל, נומ. 49

**Арон Вергелис**

**КНИГА ДЛЯ ЧТЕНИЯ**
**для учащихся начальной школы**
**на языке идиш**

Утверждена отделом народного образования
Еврейской автономной области
в качестве учебного пособия

Редактор Х. В. Бейдер

Художественная редакция и макет *В. Г. Ежкова*
Рисунки художников: *В. Ефимова, М. Петрова, Б. Рытмана, И. Слуцкера*
Технический редактор *В. В. Новоселова*
Корректор *Б. А. Гершман*

ИБ № 1847

Сдано в набор 18.11.88. Подписано к печати 08.09.89.
Формат 70×90 1/16. Бумага офсетная № 1.
Печать офсетная. Усл. печ. л. 14,63. Уч.-изд. л. 11,5.
Усл. кр.-отт. 60,27. Тираж 10 000 экз. Заказ № 1786.
Цена 75 коп.

Хабаровское книжное издательство
Государственного комитета РСФСР по делам
издательств, полиграфии и книжной торговли.
680620, Хабаровск, ул. Серышева, 31

Набрано в ордена Трудового Красного Знамени
Московской типографии № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного комитета
СССР по печати.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13

Отпечатано на ордена Трудового Красного Знамени
ПО «Детская книга»
Госкомиздата РСФСР.
127018, Москва, Сущевский вал, 49

